✶

די יוגנט האט זיך געזוכט אנדערע גייסטיקע פארגעניגנס. זי האט זיך געשטעלט קעגן דער פארם פון גייסט וואס די אלטע האבן אויסגעשמידט און געזוכט אנדערע פארמען. אבער דער גייסט אלס עיקר און ציל איז געבליבן. די פראגע איז געווען מיט וועלכע וועגן צוקומען צום ציל. האבן זיי אויפגעשטעלט א ביבליאטעק און געגעבן ביכער צום לייענען, געפירט פראפאגאנדע פאר ליטעראטור, וועלטליכע, טעכנישע און ערציערישע. זיי האבן אויך אויפגעשטעלט א שולע און געלערנט ארעמע קינדער, וואס האבן נישט געקענט צאלן אין שולע. זיי האבן אויפגעשטעלט א בקור־חולים, העלפן קראנקע און וואכן ביי זייער בעט אין די נעכט פון פיבער, ביז צום טויט.

אויך דער מיטלפונקט פון דער יוגנטליכער טעטיקייט איז געווען הילף און ברודערליכקייט, צו בערייכערן דעם מענטש מיט העכערע געפילן ווי די אייגענע, עגאאיסטישע, דעמיט בערייכערן דעם גייסט פון מענטש.

לאנאוויץ האט געהאט דעם כאראקטער פון א צענטער פאר גוטע טאטן. ווען יחיאל שמש פלעגט אויפשטיין גאנץ פרי און אנקלאפן יעדן אונטערן פענסטער און שרייען: שטייט אויף לעבודת הבורא — איז עס געווען סימבאליש, ווי איינער זאגט: אויסגעשלאפן זיך, און יעצט צו דער ארבייט. גענוג ס׳האט קערפער געהוט, מ׳דארף טון אויך עפעס פאר דער נשמה — לעבודת הבורא.

און עבודת הבורא איז געווען נישט נאר דאווענען, נאר אויך מעשים טובים, אז אלע זאלן קאנען טון מצוות דעם רבונו־של־עולם.

איז דארף א ארעמאן מצות אויף פסח און האט נישט קיין געלט, דארף מען אים שאפן מצות ער זאל מקיים זיין די מצוה. איז א ארעמער בחור אין א סכנה, ער וועט נישט חתונה האבן און נישט קאנען מקיים זיין מצוות וואס געהערן צו זיינע יארן, צו זיין עלטער — דארף מען אים העלפן חתונה האבן, הכנסת כלה און מתנות דעם חתן, דרשה־געשאנק — און ס׳ווערט א פאר פאלק. נאך א טאטע־מאמע ביי יידן מיט ניי־געבוירענע יידעלעך און ס׳פאלק ישראל מערט זיך און וואקסט.

און אז לאנאוויץ האט געהאט די זכיה צו זיין א גרעניץ שטעטל און שטענדיג געהאט זעלנער קאזארמעס, און מ׳זעט יידישע זעלנער צווישן גויים, איז א מצוה לפחות אויף שבתים און ימים־טובים זיי אוועקצונעמען אין יידישע שטיבער, זיי זאלן הנאה האבן פון אַ קידוש, אַ תפילה, המוציא — ווייניגער טרפות עסן און ווייניגער מחלל שבת זיין און יום־טוב.

✶

אין דער ווייטקייט פון יארן און אוקיאנוסן זעט זיך ארויס לאנאוויץ ווי א גרויסע פאסיקע פון קליינינקע בינען־מענטשעלעך, וואס רוישען און זשומען און רוען נישט. ס׳רעש׳ט זיך ביי זיי שטענדיק, א גערויש פון געזעלשאפאליכע וואוילטאטן, מ׳פולדערט ארום נאך א צדקה׳לע, א יידיש שמחה׳לע, א מצווה׳לע

— א לאבאראטאריע פון גייסט און הארץ, קאמוניקאציע פון מענטש צו מענטש.
גוים האבן עס נישט געקאנט פארשטיין. ווי קאנען דאס גוים וויסן דעם טעם פון לאנאווצער גייסט הו־הא ?

✶

סאיז א שטעטל נישט צום פארגעסן.

וואס מער מ'לעבט צווישן פרעמדע, ווערט לאנאוויץ אלץ מער געהויכט און געשאצט. א מין הויכקייט א שפיצבארג פון העכערע גייסט מענטשעלעך. ס'הויבט זיך אפילו אן צו גלויבען, אז מיר זענען אויך, היינט־צו־טאג, אנדערע, צוליב לאנאוויץ און אז די יידישע מדינה וועט זיין אנדערש ווי אנדערע מדינות אדאנק לאנאוויץ. און א סך לאנאוויצן זענען געווען ביי יידן.

ס'איז א שטעטל נישט צום פארגעסן.



א נייער דור נייע גייסטיקע טאטן

אברהם טייכמאַן

# לאנאוויץ — טיפן און זיטן

נישט אַזוי לייכט איז מיר צו נעמען די פען און באַשרייבן זכרונות פון לאַנאָוויץ, און שרייבן איבער טייערע יידן, וועלכע געפינען זיך שוין נישט צווישן די לעבעדיקע, וואָס זענען אַוועק פון דער לעבעדיקער וועלט, נישט מיט דער שטראָף פון אדם וחוה, נאָר דורך חיות אין מענטשלעכן געשטאַלט.

איך וועל אייביק געדענקען, די אַלע קלאָסן יידן, מיט זייערע גוטע מידות, באַשיידענע, אַן סימן פון גאווה. געטריי און ליב צו יעדן, אָן אויסנאַם. ווו מ׳זאָל זיך באַגעגענען. סיי אין גאַס, ווי אין בית־המדרש אָ׳ן להבדיל — אין בית־המרחץ. ווער שמועסט, אויף אַ שמחה, זענען די ווינטשן, וואָס זענען אַרויסגעקומען נאָכן אַראָפּשלינגען דעם ביטערן טראָפּן, מיט דער היימישן געבאַקענעם לעקעך און טאָרט, געווען געווינטשן מיט דעם גאַנצן ריינעם האַרצן. ווען, חס וחלילה, אַז איינער איז קראַנק געוואָרן, האָט יעדער געפילט דעם ווייטיק ווי ס׳זאָל גע־ווען זיין פון זיין אייגענער שטוב. מ׳האָט געקענט דאָס אַרויסזען יעדן איינציקן אויפן פנים.

דאָס גאַנצע שטעטל לאַנאָוויץ, איז געווען אַזוי ווי אַ געטרייע משפחה. יע־נעמס שמחה איז געווען מיין שמחה, און יענעמס, חס וחלילה, ווייטיק, האָט אָפּגע־פילט יעדער אָן אונטערשייד פון רייך און אָרעם.



ס׳דרימלט דאס שטעטל

איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו קענען אַ גרויסע צאָל שטעט אויף דעם ערד־קוגל, און האָב כמעט נישט געטראָפן יידן מיט אַזאַ וואַרעמקייט, מיט אַזאַ ליבלעך באַגעגעניש, אַפילו צו אַזעלכן, וואָס מען האָט אים קיין מאָל נישט געקענט און נישט געהערט, ווי דאָס איז געווען אין לנאָוויץ.

ווען ס׳זענען אַריינגעקומען קיין לאַנאָוויץ די פּלעניקעס פון עסטרייך, איז מען אַרויסגעגאַנגען זיי אויפנעמען מיט אַלערליי עסנוואַרג. יעדער ווייסט, למשל, אַז יידעליכע, וועלכע פלעגט פאַרקויפן קאַלעך איז נישט געווען פון די גרויסע פאַרמעגלעכע, דאָך זענען געווען ביי איר אין שטוב פינף פּלעניקעס. איך געדענק נאָך גוט, אַז עס איז ביי מיר אין שטוב געווען אַ ייד פון בוטשאַטש, גאַליציע, מיטן נאָמען יידל געלטנאר. האָט ער געשריבן צו זיין פרוי און קינדער, ווי געטריי מען איז אים. און מען האָט באַקומען פון איר אַ דאַנק־בריוו. מ׳האָט קיין מאָל נישט אויסגעקוקט אויף געצאָלטס, אָדער דאַנק. דאָס איז געווען ביי יעדן לאַנאָוויצער יידן אין די בלוטן.

✶

איך בין, אין איין ערב פסח, געגאַנגען באַקן מצות, צו יעקיל ישראל וואָלפס, וועלכער האָט געהאַט אַ מאַשין צום באַקן מצות. כ׳געדענק נישט זיין פאַמיליע נאָמען. האָב ז׳יך דאָרט געטראָפן ליפּעכעס אַן אייניקל, אַ יינגל פון פופצן יאָר, און כ׳זע, ווי ער באַוועגט זיך נאָר מיט איין האַנט און די צווייטע גייט ער אַרום־געבונדן מיט שמאַטעס. פרעג איך אים, וואָס איז אים אויף דער האַנט ? זאָגט ער, אַז די האַנט איז צעבראָכן. ער האָט געאַרבעט, זאָגט ער, ביי רייסן עפּל, ביי אלי קוזיעלס, איז ער אַראָפּגעפאַלן פון בוים און האָט זיך צעבראָכן די האַנט. פרעג איך אים : ביסטו געווען ביים דאָקטאָר ? זאָגט ער, אַז ער איז געווען ביי באַשקען, דעם פעלדשער. פרעג איך אים, ווען האָט זיך דאָס דיר געמאַכט ? זאָגט ער, ווען מען האָט געריסן עפּל. נו ווייסט איר דאָך, ווען מען רייסט עפּל און ווען מען באַקט מצות ? הכלל, איך האָב דאָס דערציילט יידל קיסקיווצער המכונה גרינבלאַט און ער האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט. ווייל באַשקע האָט געזאָגט, אַז די האַנט דאַרף מען שוין אַראָפּנעמען. די זאַך איז געקומען ביז אשר ברילייאַנט ז״ל. און ער האָט אים גענומען קיין לעמבערג. אפשר וועט מען נאָך קענען ראַטעווען די האַנט, און אויב נישט, זאָל ער כאָטש בלייבן מיט איין האַנט, די קראַנקע האַנט איז שוין געווען שוואַרץ און ער איז געווען אין אַ סכנה בכלל.

דער סוף איז געווען, אַז ער איז אַהיים געקומען מיט ביידע געזונטע הענט. ווען איך האָב מיט אים גערעדט און איך האָב אים געפרעגט, צי ביי אים אין שטוב ווייסט מען פון דעם, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט קיינעם נישט דערציילט, נאָר איין מאָל, איז ער געווען ביי באַשקען און אשר ברילייאַנט, האָט אים אויף זיין אייגענעם חשבון געהאַלטן אין לעמבערג אין שפּיטאָל, און איז אָפּט געפאָרן זען, וואָס ס׳הערט זיך מיט אים.

דאָס שטעטל לאַנאָוויץ האָט נישט פאַרמאָגט קיין גבירים, נאָר די מידה פון

חסד און רחמים, איז געווען צו זען פון יעדן אין יעדער צייט און אין אַלע אומשטענדן.

*

**בלימעלעך פון פוילישע צאַצקעס**

ווען פוילן י. ש. האָט פאַרכאַפּט לאַנאָוויץ, האָבן יידן קיין גרויסע געשעפטן נישט געקענט מאַכן, זיי זענען געקומען גלייך מיט יידן־האַס.

די ערשטע פּאַליאַקן, ווען זיי זענען אַריינגעקומען מיט דער הילף פון פראַנצויזישע אָפיצירן, זענען מיר דריי, איך, אשר בריליאַנט און ישראל כץ, אַרויסגעגאַנגען אַקעגן לאה חנה עטיס שטוב, זיי אָפּגעבן דעם כבוד מיט ברויט און זאַלץ. האָב איך דאַן געזאָגט, אַז מיר וועלן אין זיי קיין נחת נישט האָבן. צום גרוסן באַדויערן, איז דאָס מקוים געוואָרן.

די פּאַליאַקן, איינגעזעסענע אין לאַנאָוויץ, האָבן תיכף אָנגעהויבן אַרויסצו־ווייזן זייער גיפט. און צו זיי האָט מען דעם גאַנצן געגנט באַזעצט מיט פוילישע כוליגאַנעס פון וואַרשעווער געגנט, וועלכע מ׳האָט גערופן אָסאַדניקעס, י. ש. אין איין שיינעם טאָג (שיין פאַר די אויפגעקומענע פּאַליאַקן, אָבער נישט פאַר אונדז יידן), אין מיטן גאַס שטעלן זיך אַוועק דריי אָסאַדניקעס, איינער פון זיי האָט געהייסן אָגורעק, י. ש. פון נאַפּאַדאָווקי. און פונקט אַקעגן שמואל משה לאזערס שטוב, איז אַרויסגעגאַנגען זיין זון טאַלע. רופט אים צו איינער פון זיי, טאָקע דער אָגורעק, און גיט אים אַ טראַסק אין פּנים, אַז אַ פאַרוואָס און דער צווייטער זאָגט צו אים, טאַלע גיב אים צוריק. דאָס איז געווען אַ זאָג פון חוזק, ווייל זיי האָבן אַלע י. ש. געוווּסט, ווי מאַכטלאָז מיר זענען.

* מיט עטלעכע טעג שפּעטער, שטיי איך ביי מיין קלייטל, ביי משה טעפער פון איסקעוויץ. און אַזוי שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אין אַדווירעק פון קלייטל, טראַכטנדיק איבער דער לאַגע פון כלל און פרט, קומט אַן עוזיאל חיים מרדכיס, המכונה ראַבין, און זאָגט מיר, וואָס שטייסטו אַזוי פאַרטראַכט, דיינע שיפן זענען דיר אונטערגעגאַנגען? זאָג איך אים, איך האָב קיין מאָל נישט געטראַכט זיין רייך. איך טראַכט נאָר, וואָס וועט זיין מאָרגן. ווייל איך זע נישט, אַז די שכנים, וואָס מען האָט אונדז אַריינגעשיקט פון פּאָזנאַן און פון וואַרשע, זענען געקומען אונדז פאַרבעסערן דאָס לעבן... פרעגט ער מיך, וואָס האָסטו געזען? דערצייל איך אים, וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען פריער מיט אַ פאָר טעג, מיט טאַלע שמואל משה לאזערס. זאָגט ער צו מיר, ווען דו זאָלסט געווען זען, וואָס מיט מיר איז ערשט געשען. דערציילט ער: ווי אַלעמען איז באַוווּסט, אין שוין נישט פון נעכטן האַנדלט ער מיט דעם גוט־באַזיצער, לאַדוניוק י. ש. און איצט איז ער געגאַנגען צו אים ווען מסחר, ווי געוויינלעך, ,און דאָרט האָט נישט געפעלט קיין פיר־פיסיקע הונט, אַ חוץ צוויי־פיסיקע. איז אַרויס אַ הונט צו אים, ממש צום צערייסן. בדרך נס איז אים אונטערגעקומען אַ שטעקן. האָט ער מיט דעם שטעקן זיך פאַרטיידיקט. איז באַלד אַרויס לאַדוניוק, און זאָגט אים:

— ס'איז דיין גליק, וואָס איך האָב נישט ביי זיך די ביקס. כ'וואָלט אויף דעם פּלאַץ דיך אַוועקגעלייגט, פאַר שלאָגן דעם הונט.

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען, האָט דאָס שטעטעלע לאַנאָוויץ געלעבט און געהאָפּט מיט אַ ריינעם גלויבן אין גאָט און אין בעסערע צייטן.

✶ מאניש ריבה יאָסל מוישהס ז"ל, איז געווען אַ זייער באַשיידענער בחור מיט מעלות, שיין, פיין און אָרנטלעך. ער האָט געפירט אַ קליין מסחר פון קויפן אייער אין דער סביבה, און זיי פירן קיין זבאַראַזש צום פאַרקויפן. צוריק פלעגט אים אויסקומען צו פאָר אַהיים תחילת לילה. און אַזוי ווי דאָס איז נישט געווען קיין וועג נאָענט צו דער גרענעץ, איז נישט געווען קיין סכנה, אַז די פּאָליאַקן זאָלן אים אַרעסטירן, ווי עס איז געווען זייער שטייגער. זענען אָבער אַרויס־געגאַנגען אין פעלד איינער צי צוויי שקוצים פון דעם אייגענעם דאָרף און האָבן אים דערמאָרדעט. ס'איז נישט געווען שווער צו וויסן, ווער די רוצחים זענען. ווייל אויף דעם צווייטן טאָג, האָט מען ביי דעם רוצח געפונען דאָס בלוט פון מאַנישעס קערפּער. נאָר ער איז געוואָרן הפקר דאָס יידישע לעבן, האָבן זיי נישט געהאַט קיין אינטערעס צו ברענגען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט דעם שולדיקן. פאַרקערט, זיי האָבן נאָך געזוכט, אַז די קריסטלעכע באַפעלקערונג זאָל וואָס מער זיך דערווייטערן פון יידנטום.

✶ אַרויספאָרן, אָדער אַריינקומען נאָך זון פאַרגאַנג פון דער צווייטער זייט, ווי למשל, שומסק, קרעמעניץ, ווישניעוויץ, האָט געשמעקט ממש מיט אינקוויזיציע. אין די ווינטערדיקע טעג איז געווען אַ באַזונדערע שטראָף, ווי למשל, אַריינוואַרפן אין אַ מחסן פון ערד , קוילן, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף צו וואַרעמען זייערע שטיבער, און וואָס האָט געטראָפן מיט יצחק בארגס איידעם, שמואל קאַרשנ־בוים. ער איז געפאָרן קיין שומסק נאָך קמח, ווייל זיי פלעגן מיט דעם האַנדלען. האָט זיך אים געמאַכט, אַז אויף דעם וועג איז קאַליע געוואָרן דער וואָגן אין מיטן פעלד, האָבן זיי נישט באַוויזן צו קומען אין דער צייט, און האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין פעלד ביז טאָג, אויס פחד פאַר די פּוילישע איזדיעוואַטעלסטוועס. די צייט איז געווען זייער אַ קאַלטע, און די נאַכט אַ לאַנגע. און צוליב דער גזר איז ער אין פאַרלויף פון איינע געציילטע פאָר וואָכן געגאַנגען פון דער וועלט, פאַר דער צייט. און זיי, דאָס הייסט, די פּאָליאַקן, י. ש., האָבן זיך נישט געפּוילט אַפילו אין דער גרעסטער קעלט, אַרויסגיין צו כאַפּן אומשולדיקע יידן און מאַכן מיט זיי אַ שפּיל.

✶ בענצי גורוויץ, אָדער ווי מ'פלעגט אים רופן, בענצי איציק הערש ז"ל איז אַ חתן געוואָרן פאַר אהרן־מאַרטשיכעס טאָכטער. ווי דער שטייגער איז, גייט דער חתן צו דער כלה, פרייטיק אויף דער נאַכט. פאַר שבת, קען מען זיך פאַר־גינען צו פאַרברענגען מער אַ ביסל. האָט ער פאַרבראַכט ביז עלף אַזייגער. אַרויס־גייענדיק פון שטוב, האָבן אים געכאַפּט די פּאָליאַקן י. ש. און האָבן אים גע־נומען שלאָגן, ביז ער איז נדיערגעפאַלן, האָבן זיי אים אויפגעהויבן, און אַנידער־געלייגט אויף אַ באַנק, און מ'האָט אים אָפּגעשוירן פון פאָרנט די האָר פון קאָפּ,

און האָבן זיי אויסגעמישט מיט זייף, און אים געגייט דאָס געמיש אויפצועסן, באַגלייטנדיק זייער באַפעל מיט שטאַרקע קלעפּ. ווען זיי האָבן געזען, אַז ער איז שוין שטאַרק פאַרמוטשעט, האָבן זיי אים אַוועקגעפירט אויף דעם דאָרף נאָוואָסילקעס און דאָרט איז געווען אַ הוכער באַרג, וואָס מען פלעגט פון אים גראָבן כורכר צו פאַרריכטן די וועגן. ער איז געווען שטום ווי אַ וואַנט, האָט מען אים פון דאָרט אַראָפּגעוואָרפן און ער איז אַזוי געבליבן ליגן ביז אין דער פרי אָן באַוווסטזיין. ער וואָלט דאָרט אויסגעגאַנגען און קיינער וואָלט נישט געוווּסט, נאָר צום מזל, איז געווען נישט ווייט פון דעם פלאַץ אַ ברונעם, וואָס מ׳האָט גערופן לויטשיכעס קרעניצי. איז געגאַנגען אַ קריסטלעכע פרוי נאָך וואַסער און האָט געהערט אַ קרעכץ פון נישט ווייט און גלייכצייטיק באַמערקט אים ליגן. אַזוי האָט מען אים נאָך אָפּגעראַטעוועט. די פּאַסירונג איז נישט געווען אין היטלערס צייטן, נאָר אַ סך פריער, ווען מ׳האָט געמיינט, אַז מען וועט זיך מיט די פּאָליאַקן איינלעבן, זיי וועלן זיך צוגעווינען צו אונדז, און מיר וועלן מיט דער צייט זיך אויסלערנען, ווי מיט זיי צו האַנדלען.

✶ ס׳איז מיר אַ מאָל אויסגעקומען צו זיין אין דאָרף איסקיוועץ, ווו מיין שוואָגער, משה טעפּער האָט געווינט. האָט ביי זיין טיר זיך אַוועקגעשטעלט אַ פּאָליציאַנט מיטן נאָמען טאָמזיק, און האָט געהאַלטן אַ רעדע פאַר די גויים, אַז זיי זאָלן נישט פאַרקויפן דעם יידן גאָרנישט. און געמאַכט זיי אַ חשבון: זעט ווי דער ייד האָט אַ פעטן בויך, נאָר פון אייער פּוטער, וואָס איך פאַרקויפט אים און פון די הינדלעך, וואָס איר פאַרגינט זיך נישט צו עסן און איר פאַרקויפט זיי אים, באַקומט ער אַ פעטן פּופּיק. נאָכער פאָרט ער אין בעדער אַראָפּצונעמען די שמאַלץ. אין דער צייט, וואָס איר מיט אייער שווערער האָרעוואַניע גיט אים דאָס, איז אַז איר דאַרפט האָבן אַ פּאָר שטיוול, מוזט איר אָנקומען צו אים, ער זאָל אייך לייען די פּאָר זלאָטעס, פאַר וועלכע ער נעמט ביי אייך דריי מאָל אַזוי פיל און איר ווייסט נישט פון קיין חשבון און גלויבט זיין זשידאָווסקי פּנים. און גלייכצייטיק, גיט ער זיי אַן אָנווייזונג, אַז אויף דער באַן זיצן שוין זייערע מענטשן, וועלכע קויפן תבואה און אייער ווי אויך עופות. ס׳איז דערגאַנגען דער־צו,אַז זיי האָבן שוין אַפילו אָנגענומען שטראָף־מיטלען קעגן די, וואָס האָבן נישט געוואָלט פירן די תבואה צו זיי. און דער גוי, וואָס האָט יאָ פאַרקויפט דעם יידישן סוחר, האָט נישט געטאָרט ביי נאַכט אַרויסגיין פון שטוב. פּאָליאַקן האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז אַ גוט שטראָף־מיטל, ווייל וועלכער גוי האָט געהאַט שירותים אין שטוב, אַפילו אין אַ סך יידישע שטיבער איז נישט געווען אַזאַ לוקסוס. איז אסך גויים האָבן טאַקע פאַר מורא, אַפילו קעגן זייערע אייגענע באקוועמלעכקייטן, געמוזט נאָכקומען די פאָדערונג.ביים יידישן סוחר האָט ער שטענדיק געקענט אויספּרעסן אַ בעסערע פּרייז, ווייל די קאָנקורענץ איז געווען גרויס, מ׳האָט גע־וואָלט לעבן, האָט מען זיך אויסגעשטעלט פאַרדינסטן אויף דעם שפּיץ מעסער.

✶ אַקעגן מיר האָט געווינט אשר לייב מלמד, ביי אים האָט זיך אויפגעהאַלטן זיינע אַ פלימעניצע, מיט אַ יינגעלע פון אַ יאָר אַכט. זי פלעגט זיך מפרנס זיין

פון פאַרקויפן ערב שבת קוואַס און זונקערלעך. אין איר פרייער צייט, פלעגט זי אַריינקומען צו מיר אין שטוב. איין אויף דער נאַכט, ווען מיר זענען שוין געשלאָפן, קומט זי אַריין מיטן קינד. און דערציילט, אַז דער זעלבער פּאָליציאַנט טאָמזיק האָט געדאַרפט גיין אויף דינסט, האָט ער זי אַרויסגעטריבן פון בעט און געבליבן שלאָפן ביי זיי, אָנשטאָט צו גיין אויף דינסט. זענען מיר שוין אַזוי אַלע אָפּגעזעסן די גאַנצע נאַכט.

✶ ווען די פּעטלוראָווצעס האָבן באַשאָסן לאַנאָוויץ, איז דער עולם זיך צעלאָפן. זייער ווייניק זענען געבליבן. מיין פרוי ז״ל, מיט אַ קינד פון וואָכן, איז אויך געלאָפן. זי האָט נישט געוווּסט וווּהין צו לויפן און נישט איך האָב געוווּסט וווּהין זי לויפט. נאָר איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אַקעגן ליבערן, אונטערן באַרג, ס'איז דאָרט געווען אַ גויישער צווינטער. ליגנדיק אַזוי, קומט צו מיר צו אַ לאַנאָ־וויצער פּאָליאַק, מיטן נאָמען וואָזניקעוויטש, און טרייסט מיך, און זאָגט, זעסט אַ וואָסערע כוליגאַנעס זיי זענען די אוקראַינער, וואָס האָבן זיי צו די יידן? מיין איך, אַז דער פּאָליאַק איז גאָט די נשמה שולדיק, אָבער אַז די צייט האָט זיך געביטן און די פּאָליאַקן האָבן זיך אַריינגעזעצט אין זאָטל, פלעגט זיין זונדל אַרומגיין אין שטאָט מיט אַ נאַגייקע, און ווי ס'איז געווען צו דעם ייד, וואָס פלעגט אים אונטערקומען אונטער דער האַנט. ער האָט געוואָלט אויספּרוּוון זיין בייטש, נישט רעכענענדיק זיך אויף וועמען, אַלט צי יונג, קליין צי גרויס.

ווען מיר איז אַ מאָל אויסגעקומען אַרויפצוגיין אויף זיין הויף, מיט מיין שוואָגער אלי ז״ל. אלי האָט אין יענע צייטן געהאַט אַ צעגעלניע, און האָט געדאַרפט מאַכן אַ חלק אויף צו מישן די ליים. געוויינלעך, ווער איז אין יענע צייטן געגאַנגען מיטן הוילן קאָפּ? ביז צו זיין שלעסאַרניע, ווו ער האָט געאַר־בעט, איז געווען אַ דרייסיק מעטער מיט אַ טירל. מיר זענען אַריינגעגאַנגען מיט די היטלען אויף די קעפּ. האָט דאָס אים שטאַרק פאַרדראָסן. און אַז עס איז געקומען רעדן וועגן דעם פּרייז פאַרן חלק, האָט ער זיך אָנגעבאָטן אַ סך מער, ווי ס'האָט געדאַרפט קאָסטן אין קרעמעניץ. זאָגט אים אלי, עס איז אַ סך געלט. זאָגט ער, וואָס שפּילט ביי דיר אַ ראָליע אַזאַ סומע. ווען נישט דיין געלט, וואָלסטו געווען ביי מיר אַראָפּגענומען דאָס היטל, נאָך ביים טירל און נישט געוואַגט צו גיין גלייך ביז צו מיר.

✶ עס איז געווען אַ צייט, ווען דער וויט, דאָס הייסט דער יושב ראש פון גמינע, אַ גוט־באַזיצער פון אַ דאָרף, האָט באַקומען אַ בריוו פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט, צו זאַמלען נדבות פאַר פּויליִשע אָרעמע לייט, נישט חלילה, אַריינגע־רעכנט יידן. נאָר פאַר די כוליגאַנעס „פּיקעטשיקעס״, וואָס זענען געשטאַנען ביי יידישע קלייטן און נישט אַריינגעלאָזן קונים אין אַ יידישער קליִיט אַריין. געזאַמלט האָבן דער וויט, דער קאָמענדאַנט, און דער דאָקטאָר פון שטעטל, אַ ייד, ליטוואַק האָט ער געהייסן. געבן האָט יעדער געמוזט, צי מ'האָט יאָ געקענט, צי נישט. ראשית האָט מען מורא געהאַט פאַר דעם קאָמענדאַנט, צו יעדער צייט קען ער מאַכן אַ פּראָטאָקאָל, אַז עס זאָל קאָסטן טייערער. האָט אין דער גאַס זיך אַוועק־

געשטעלט די קאַמסיע און דער דאָקטאָר האָט געהאַלטן אַ רעדע, ווו ער האָט אויפגעקלערט פאַרן עולם די באַדייטונג פון דער וויכטיקער זאַמלונג. אין דער צייט זענען ביי אונדז געווען איניקע אָסאַדניקעס, די ניי צוגעקומענע שכנים. האָט איינער פון זיי אויפן הויכן קול געזאָגט, וואָס לאָזט איר רעדן אַ זשיד אין אונדזער נאָמען? זאָגט אים דער וויט, דאָס איז אַ דאָקטאָר, זאָגט ער, ס'איז מיר ליבערשט צו הערן סטאַסיקן ווי צו הערן אים.

און ווייסט איר ווער עס איז געווען סטאַסיק? אַ פּוילישער שליאַכטשיץ, אַ גרויסער שכור און אַ שמוציקער, וואָס האָט קיין מאָל נישט פאַרמאָגט קיין פּרוטה, און האָט שטענדיק געבעטלט ברויט.

★ אברהם אליעזר חוהס המכונה גראפפען, האָט געהאַט אַ שוואָגער, מיטן נאָמען יעקבן חזן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, און האָט נאָר געלעבט בדוחק פון אַרומפאָרן אויף די ירידים, זומער אין די היצן און ווינטער אין פרעסט. זיין פּרנסה איז געווען פון פאַרקויפן רעשטלעך פון מאַנופאַקטור סחורה, קיין געלט אויף צו קויפן די סחורה האָט ער קיין מאָל נישט געהאַט. פלעגט ער זיין מסחר פירן נאָר מיט גמילת חסדים, וואָס ער פלעגט לייען, ביי מרדכי גובערמאַן, קהת קויפמאַן, אלי מיראטשניק, אָדער זעליק רופא. אין איין טאָג קומט צו אים אַריין הירש סטאַראָסטי ז״ל און זאָגט באַהאַלט דיין סחורה, ווייל דער עקזעקוטאָר קומט באַלד.

ווי געוויינלעך, פאַר אַזאַ וואָרענונג, דאָס הייסט פאַר וועלן ברענגען שאָדן דער פּוילישער מאַכט, שמעקט מיט גרויסער שטראָף. נאָר זיין גוט האַרץ און זיין ליבע צו זיינע ברידער, האָט נישט אָפּגעשראָקן הירשן.

דער סוף איז געווען, אַז באַלד זענען זיי טאַקע געקומען און האָבן גאָרנישט געטראָפן. די גאַנצע סחורה איז באַשטאַנען פון אַ קליין פּעקעלע. אין דער זעלבער וואָך, ווען ער האָט זיך געגרייט אויף דעם צווייטן טאָג צו פאָרן אויף אַ יאַריד קיין ווישגאָראָדעק, קומט אָן אומגעריכט דער זעלבער עקזעקוטאָר און טרעפט ביי אים דאָס פּעקעלע סחורה און הייסט דאָס אים שוין מיטנעמען אין גמינע אַריין. פרעגט אים די פרוי, מיט גרויס געוויין, פריץ, וואָס וועל איך געבן מיינע קינדער עסן? זאָגט ער: שטיינער.

ווען די בעלי חובות האָבן זיך דערוווּסט פון דער קאָנפיסקאַציע, זענען זיי געקומען און תיכף געשאַפן געלט און אים געגעבן צו קויפן אַנדערע סחורה. צו זיי איז נאָך צוגעשטאַנען שמואל פּאָליאַק, אשר ברילייאַנט, שלמה קעסיל, בנציון וואָל, אליעזר קיוועס און נאָך איניקע. און צו דערמאָנען דאָס גוטע האַרץ פון דעם יידן הירש סטאַראָסטי, המכונה הירש מיילמאַן ז״ל.

ער האָט מורא געהאַט, טאָמער מאַכט דער רויבער, דער עקזעקוטאָר, נאָך אַ מאָל די זעלבע שפּיל. זאָגט ער צו אים:

— לויט מיין מיינונג, דאַרף מען דעם מענטש באַפרייען פון שטייערן. קום מיט מיר, ועסטו זען, אַ וואָסער לעבן זיי מאַכן? וואָס זיי עסן און פון וואָס זיי לעבן.

און זיצנדיק טאַקע ביי סטאַראָסטי אין שטוב, זאָגט ער צו אים: האָסט גליק, וואָס דיין טאָכטער שטייט דאָ, ווייטער וואָלט איך דיר תיכף אָנגעטאָן קייטעלעך און וואָלט דיך אַוועקגעשיקט, אַז דו וואָלסט דיין שטוב מיט דיינע זשידקעס קיין מאָל מער נישט געזען. הירש סטאַראָסטי, לאה הינדהס, ווי מען פלעגט אים רופן, איז געווען אַ מענטש, וואָס קיינער האָט נישט געקענט ביי אים פאַרכאַפּן דעם גוט מאָרגן. פון קליין ביז גרויס, האָט ער שטענדיק געטראָגן דאָס באַגריסונג אַקעגן. אין אַלע צרות פון שטעטל, האָט ער מיטגעליטן, צי ער האָט יאָ געקאָנט העלפן צי ניין.

איין מאָל קומט ער אַריין מיט דעם עקזעקוטאָר צו ליפּעכעס איידעם אין שטוב מאָנען שטייערן. דעם איידעמס פּרנסה איז געווען פון אַרומפּאָרן מיט צוויי דאַרע שקאַפּעס קויפן אַלטע שמאַטעס. אַריינקומענדיק אין שטוב, טרעפט ער די פרוי שטיין ביים פּריפּיטשעק און קאָכט קאַרטאָפל, און דאָס האָלץ וויל נישט ברענען, ווייל ס'איז געווען נאַסע ווילִיכע האָלץ, דאָס בּיליקסטע. ווייל ראַבינע האָלץ און טריקנס, האָט געקאָסט טייער. דאָס האָלץ וויל נישט ברענען און די קאַרטאָפל ווילן נישט פאַרטיק ווערן, און דאָס קליינוואַרג שרייט און וויל עסן, שטייט די פרוי און האַלט אין איין בלאָזן דאָס פייער זאָל ברענען. פון פייער, וואָס האָט ביי יעדן בלאָז געגעבן אַ כאַפּ, איז דאָס פּנים געוואָרן רויט, כאָטש זי איז געווען אויסגעדאַרט און בלייך.

דערזעענדיק די געסט, לויפט זי אַקעגן און פרעגט דעם סטאַראָסטי, וואָס וויל דער פּריץ? זאָגט ער: — דער פּריץ איז געקומען מאָנען פּאָדאַטקעס. הייבט זי אָן צו וויינען, ווו זאָל איך נעמען? אַז איך האָב מיינע קינדער נישט וואָס צו געבן עסן. גיט ער צו איר אַ געשריי, מאַכליאַרקע, פון וואָס האָסטו אַזאַ געזונט און רויט פּנים, דו פרעסט אַליין און גיסט נישט דיינע קינדער. יעצט זע איך, אַז דעם דעפּיציט, וואָס די מאַכט האָט, איז נאָר דערפאַר, ווייל דיינע זשידקעס ווילן נישט צאָלן, און אין דעם ביסטו דער הויפּט שולדיקער.

* מעכל יעקיל פּרואימס המכונה ליידער, האָט אַליין זיך אויסגעלערנט שוסטעריי. נאָר נישט האָבנדיק קיין פּרנסה, זיך פאַרקלאָגט פאַר בונעם ברימער ז"ל און פאַר בענצי רייכמאַן, האָבן זיי אים געקויפט אַ פערד מיט אַ וועגעלע, ער זאָל זיך זוכן פּרנסה. קיין פוילער איז ער נישט געווען. נישט קוקנדיק אויף רעגנס און בלאָטעס, און וואָס דאָס פערדל איז נישט געווען בכוח צו שלעפּן, און ער האָט אָפט געמוזט זיין דאָס צווייטע פערד.

פאָרט ער אַ מאָל אַריין אין דאָרף וואַליצע. דער טאָג, אַן אָסיענדיקער, און אַ קאַלטער. קריכט ער אַריין אין באַיאָרע און בלייבט שטעקן. די גוים פון דאָרף זענען קיינס נישט אַרויסגעגאַנגען העלפן, נאָר קליינוואַרג האָבן זיך צונויפגענומען און האָבן געהאָלפן שרייען וויאָ, און נישט מער. זיך איינגעצן די שטיוול, איז קיינער נישט געווען קיין בעלן. פּרוּווט ער געבן אַ קלאַפּ דאָס פערדל, איז פּונקט אין דער צייט קומט אָן אַ פוילישער פּאָליאַציאַנט, און זעט ווי ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ דעם פערד און ציט אויס די האַנט און גיט אים דריי קלעפּ אין פּנים,

פאַר וואָס ער האָט געשלאָגן דעם פערד, ער האָט נעבעך, נישט געקענט צוזען דאָס רחמנות פון פערד, וואָס האָט געליטן פון דער בייטש פון דעם זשידעק.

נישט מיט דעם האָט זיך דאָס געענדיקט. דער זעלבער פּאָליציאַנט האָט אי־בערגעגעבן דעם עקזעקוטאָר, אַז זשידקעס באַהאַלטן זיך אויס פון צאָלן פּאָדאַטקעס, פרעגט ער אים, ווער איז דאָס דער זשידעק און ווו וווינט ער? זאָגט ער איך ווייס נישט ווו זיין שטוב איז, נאָר דער סטאַראָסטע ווייסט.

שיקט ער רופן הירש סטאַראָסטע און זאָגט אים: דו קענסט דעם ייד? זאָגט ער: יאָ. פרעגט ער אים: מיט וואָס פאַרנעמט ער זיך? זעענדיק, אַז ער ווייסט שוין אַליין, זאָגט ער, אַז ער פאָרט אַרום בייטן פון אַ נאָדל, אַ פינגערהיט, אַ ביסל ניי פאָדים, אויף אַלטע שמאַטעס. דאָס איז טאַקע געווען דער גאַנצער אמת. פרעגט ער, ווען קען מען אים טרעפן אין דער היים? זאָגט ער: נאָר אויף דער נאַכט. זאָגט ער צו אים: אין דער שעה זאָלסטו זיין ביי מיר, כדי צו גיין צו דעם פאַרברעכער, וואָס באַהאַלט זיך אויס פון צאָלן פּאָדאַטקעס.

דער מיכל פעליג, ווי מ׳פלעגט אים רופן, איז אַהיים געקומען איז אים זיין פרוי געקומען אַקעגן און גיט אים איבער, אַז הירש סטאַראָסטי איז געווען און האָט געזאָגט, אַז ער זאָל וויסן, וואָס צו טאָן, ווייל מען וויל ביי אים צונעמען דאָס פערד מיטן וועגעלע. הערנדיק אַזאַ בשורה, נישט עסנדיק אַ גאַנצן טאָג, פאַר־קירעוועט ער דאָס פערד און לויפט אַוועק אין אַ דאָרף, און האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ פּאָר וואָכן. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אים סוף סוף יאָ געכאַפּט און דאָס פערדל מיט דעם וועגעלע צוגענומען און דאָס פאַרקויפט אויף דעם יאַריד אין לאַנאָוויץ, נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג,איז ער געוואָרן אין באָד אַ באַדינער, מיט דער הילף פון זיין שוויגער, וואָס האָט געוווינט נעבן דער באָד.

✶ די משפחה איצי צאָפּ. דער אמתדיקער פאַמיליע נאָמען איז געווען: דער פאָטער — יצחק גערשאָם. דער עלטערער זון משה, יעקב, און עוזיאל גערשאָם. דאָס איז געווען איינע פון די פיינע, אָרנטלעכע, בכבודיקע משפחות. זייער פרנסה איז געווען, וואָס זיי האָבן עשטענדיק געהאַלטן אין אַרענדע די מיל אין גריבעווע, 3 קילאָמעטער פון לאַנאָוויץ.

דער פאָטער יצחק ז״ל פלעגט דאַוונען אין קלויז, וואָס נעבן זייער שטוב. נאָך דעם דאַוונען, איז געווען זיין שטייגער זיך צו זעצן לערנען, ביז מיטאָג צייט. כאָטש די ראיה איז געווען ביי אים נישט אַזוי ריין, האָט ער געלערנט, ווייל ער האָט בעל פּה אַ סך געקענט. אַז עס איז געקומען מיטאָג צייט, גרייט אים צו זיין פרוי צום טיש און זאָגט: איצי גיי זיך וואַשן. אין מיטן זיך גיין וואַשן, דער־מאָנט ער זיך, אַז דער מילנער וועט דאַרפן דאָס עמערל, קען זיין, אַז ער וועט דאָס נישט קענען געפונען אַזוי שנעל. זאָגט ער צו דער פרוי: מעגסט דערלאַנגען צום טיש. איך קום באַלד צוריק. פרעגט זיך אים: וווהין גייסטו? זאָגט ער: איך לויף דערווייל צו קיין גריבעווע אין מיל אַריין. געלאָפן איז ער צופוס די דריי קילאָמעטער און אָנגעקומען צוריק, איז די יויך נאָך געווען וואַרעם.

ראש השנה פלעגט ר׳ יצחק דאָס גאַנצע דאַוונען זאָגן בעל פּה, אַפילו יום כיפּור.

דער עלטערער זון, משה, אַ תּלמיד חכם. ווען איינער האָט געהאַט אַ מישפּט מיט צווייטן, פלעגט ער זיין דער בורר, און ביידע פלעגן אַרויסגיין צופרידן.

געווען אַ גרויסער עניו מיט יעדן גלייך. זיך אינטערעסירט צו וויסן וואָס יענער מאַכט, צי נויטקט זיך עמיצער אין עפּעס, און קיין רייד נישט, ווען און ווי און מיט וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך, האָט ער געהאָלפן. עס איז קיין מאָל נישט אַרויס פון זיין מויל, „נישט מעגלעך". זאַכן, וואָס זענען פאַר אים געווען נישט מעגלעך, האָט ער דאָ סיי ווי אָנגענומען און געבראַכט אויף דעם פּלאַץ, וואָס האָט געקענט מיט זיין אינטערווענץ דאָס אויספירן.

איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט דאָס אַלץ וויסן, ווייל איך האָב דאָרט געוווינט אַ שטיק צייט.

דער צווייטער זון, יעקיל, ווי מען פלעגט אים רופן, איז געווען אַ מענטש מיט אַ גוטן בלאַט גמרא, קיין מאָל נישט אין כעס געוואָרן, קיין מאָל קיינעם קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט. אָרנטלעך ביז גאָר, אַ גאַנצן טאָג געלעגן אין באַרסיקאָוויצער מיל, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין אַרענדע און איז נאָר געווען אין שטוב פון שבת צו שבת. זיין פרוי, רחל, אַ גרויסע צדקת, די טאָכטער פון לאַנאָוויצער רב.

דער דריטער זון, עוזיאל צאַפּ, איז געווען אַ למדן מיט אַ לב טוב, ווו אַ חתונה, האָט ער באַשיינט, און ווו אַ טרויער, חס ושלום, האָט ער באַוויינט, נישט רעכענענדיק זיך, צי האָט ער אַ שייכות מיט דער חתונה. און אַז ער פלעגט זיין אויף אַ שמחה, האָט די שמחה געהאַט איר גלאַנץ און איר חן. און אויף אַ גרויסן טייל פון חתונות, פלעגט ער קומען בכלל אומגעבעטן און געבן זיין מתנה, ווי דער שטייגער איז געווען. קיין געלט האָט ער קיין מאָל נישט געהאַט, ווייל די פּרנסה, וואָס זיי האָבן געהאַט פון דער מיל, פלעגט אַריינגיין אין איין האַנט, דאָס הייסט, צו דעם עלטערן ברודער משה ז"ל, און יעדער האָט געקרוגן אויף זיין באַדערפעניש. נאָר נישט קוקנדיק אויף זייער געציילטער איינקונפט, אַז מען האָט אים דערציילט, ווו דער שיך קוועטשט, האָט ער שוין געזאָרגט צו מאַכן „לויזער דעם שיך". דאָס איז געווען אַ מענטש פון העכטע מאָראַלישע ווערטן.

מיט די צאַפּעס איז אַוועק אַ שטיק יידיש שיין, בכבודיק לעבן.

* קהת קויפמאַן, דער זון פון באַבע עוזיאלס, ער איז שטענדיק מיט גרויס הומאָר געווען און האָט ליב געהאַט זאָגן ווערטלעך, וואָס האָבן געמאַכט פאַרגעסן די ביטערע שעהן.

די סוחרים, די קויפערס פון די ווערטלעך, זענען געווען אהרן מרשק, מרדכי גובערמאַן, אברהם טייכמאַן, עקיבא לייבישיס.

דאָס ערשטע פרעגט קהת, ווען קען טרעפן, ווען פוילן וועט האָבן די מפּלה, דער באַקומט ביי מיר אַ גוטן שמאַלץ הערינג פאַר 10 גראָשן. דער הערינג האָט טאַקע געקאָסט די פּרייז. רופט זיך אָפּ מרדכי גובערמאַן: נאָר אברהם לייזער

חוהס קען טרעפן אַזאַ רעטעניש. און אַזוי ווי מ׳שטייט קומט ער אָן. ווערט אַ געלעכטער, פרעגט ער, וואָס לאַכט איר? דערציילן זיי אים, אַז מ׳וויל וויסן, ווען פוילן וועט האָבן די מפלה. זאָגט ער, אַז פוילן האָט שוין די בראָך, אויב יידן קענען זיך נאָך דערלויבן זאָגן וויצן, איז אַ סימן, אַז פוילן מוז פאַלן, נאָר איך האָב מורא, אַז זי זאָל אונדז נישט מיטשלעפּן מיט זיך.

דאַן איז געווען די ליבע פון איינעם צום צווייטן. אָן גרענעץ און אָן מאָס. ווען אין אַזאַ רעדל האָט זיך איינער דערמאָנט, אַז ער דאַרף נאָך היינט ענטפערן אַ גמילות חסד, און גיט אַ פרעג, ביי וועמען ליגט געלט אין שטוב אויף עטלעכע טעג. קומט שוין אָן ענטפער: אויף 8 טעג קען איך דיר געבן. און מרדכי גובערמאַן זאָגט: חברה כאַפּט אַ קוק צו דער קלייט, וועל איך תיכף אַרויסקומען. און אַזוי איז געווען. אַזאַ פאַרשטעלונג איז געווען אַ טאָג טעגלעכע דערשיינונג. נישט רעכענענדיק זיך, ווי עס זאָל נישט זיין אין שטוב, צי אין גאַס, צי אין בית המדרש. אָדער גאָר אין דער פרי, ווען יענער ליגט נאָך אין בעט.

עס האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, ווען אלי מיראַטשניק, אלי יידיליכעס, האָט באַקומען אַ וואַגאָן קאַלעך פון פאָדוויסאָקי. דער בעל הבית פון פאַבריק, האָט געהייסן שמאַראַק. ער איז דאָ יעצט אין ארץ ישראל. אלי האָט געמוזט אויסקויפן דעם וואַגאָן נאָך פאַר שבת. און האָט נישט געהאַט קיין געלט, און דאָ איז פרייטיק, אַז מ׳וועט נישט באַווייזן ביז פאַר נאַכט אויסצולאָדן, וועט מען דאַרפן באַצאָלן פאַר דריי טעג שטיין, אַ חוץ די גנבות, וואָס וועלן זיין. און אַזוי ווי דאָס איז געווען פרייטיק, האָט אליס מוטער געוווּסט, אַז מן הסתם, וועט זי טרעפן אַ גמילות חסד ביי בונים ברימער, און מן הסתם, איז שוין חיה די פרוי, אויפגעשטאַנען, פאַרקנעטן די חלה אויף שבת. נישט פאַרלירנדיק קיין צייט, איז זי גלייך געגאַנגען און האָט געטראָפן די פרוי חיה, גייענדיק פון ברונעם מיט אַן עמער וואַסער פון קרעניצע, וואָס איז געווען נעבן דער שול, נישט ווייט פון איר שטוב. זי האָט אָפּגעגעבן דעם גוט מאָרגן, ווי דער שטייגער, און געפרעגט, צי ר׳ בונים איז שוין אויפגעשטאַנען? זאָגט זי: ער ליגט נאָך אין בעט, די חלה פאַרקנעטן דאַרף איך, און נישט ער. וואָס דאַרפט איר, פרעגט זי, און וויפל דאַרפט איר? הערנדיק אין שלאָפּצימער, ווער עס איז, און וואָס איז דער פאַרלאַנג, זאָגט ער: חיה גיב אַ קוק וויפל געלט ליגט אין שופלעדל, ביי מיר אין רעקל ליגט דאָס שליסעלע.

בונים ברימער אַליין איז געווען אַ הויכער, שיינער ייד, מיט זייער אַ שיינעם און קלוגן אויסדרוק אויף זיין פּנים. קיין מאָל נישט געפלאַפּלט, נאָר יעדער וואָרט איז געווען פריער גוט באַטראַכט, איידער עס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון מויל.

* אין מיין ערשט אַריינקומען קיין לאַנאָוויץ, אין יאָר 1912, האָב איך געזען די אויפנאַמע, מיט וועלכע פריילעכע פּנימער מ׳נעמט אויף איינער דעם צווייטן, מיטן שיינעם גוט מאָרגן, אָדער „יט העלף. אָן אונטערשייד פון פאַך און קענטעניש, אָדער פינאַנסיעלן שטאַנד. ליגט דאָס מיר ביז היינט אין זכרון. אַזעלכע באַגעגענישן האָב איך אין אַנדערע פלעצער נישט געזען.

✶ משה (רינקעוויצער) גורוויץ, דאָס איז געווען אַ ייד, וואָס האָט אַ מאָל געוווינט אין אַ דאָרף רינקעוויץ. ס'איז מיר אַ מאָל אויסגעקומען נאָך מיט איינעם גיין אויף דער שטאָט אויף צורעכט צו מאַכן די באָד. ווייל עס איז געקומען אַ באַפעל פון קרעמינצער סטאַראָסטע, אַז אין פאַרלויף פון 6 וואָכן, מוז די באָד געשטעלט ווערן אונטער די היגיענישע באַדינגונגען, לויט עס שרייבט זיך אין די פּאַפּירן.

דאַן איז געווען ראש הקהילה שלום ווייסמאַן. געוויינלעך, מאַכט מען אַן אַסיפה שבת אין שול, און מען בעט עקספערטן, זיי זאָלן אָנווייזן וויפל די גזירה דאַרף קאָסטן. דאַרף מען אַרויסגיין אויף דער שטאָט צונויפנעמען געלט. אַריינ־קומענדיק צו משה רינקיוויצער, זאָגט ער: וויפל האָט איר שוין געמאַכט? זאָג איך: מיר האָבן נאָך צו זיין אין די און די פּלעצער. זאָגט ער, אַז איר וועט ענדיקן, זאָלט איר מיר זאָגן, וועל איך געבן מער פון דעם גרעסטן, וואָס האָט זיך דאָ באַשטייערט. און אַזוי איז געווען. כאָטש קיין גרויסער גביר איז ער נישט געווען.

ס'איז געווען אַ טאָג טעגלעכע דערשיינונג, אַז אָרעמעלייט פלעגן קומען קיין לאַנאָוויץ בעטן נדבות, צו די פּרטות, וואָס מ'האָט צונויפגענומען, האָט מען נאָך געדאַרפט עסן אויך, איז דאָס שוין געווען אַ באַוווסטע זאַך, אַז ביי משה רינקיווי־צער, וועט זיין וואָס צו עסן.

✶ דוד ליפע המכונה זאבארסקי. אַ מענטש, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פערד, און געווען ליוועראַנט.

ס'קומט צו מיר אַריין לייבצי שצ'אגאל. ער האָט געוווינט נעבן חיים ישראל פון דער קרופּאַדערני, וואָס מען מאַכט גרויפּן, און זאָגט מיר, ער האָט געבראַכט פון זבאַראַזש טאַבאַק, און מען האָט אים געמסרט און די פּאָליציי האָט דאָס צו־גענומען, קיין גרויסער גביר איז ער נישט געווען און אויך נישט קיין קליינער קבצן. פרעגט ער מיך, וואָס זאָל ער טאָן? איך האָב געוווּסט, אַז דער קאָמענדאַנט איז אַ גרויסער כוליגאַן. נאָר איך האָב געוווּסט, אַז ער האָט זייער ליב צו פאָרן רייטנדיק. און ביי דוד־ליפּען זענען שטענדיק געווען שיינע פערד, מיט וועלכע ער פלעגט האַנדלען. פאַרליר איך נישט קיין צייט, און גלייך אַוועק צו דוד־ליפּען, כאָטש איך בין נישט געווען זיין אָפטער גאַסט, ווייל קיין פערד האָב איך נישט געדאַרפט. מיין שוואָגער אלי ז״ל פלעגט יאָ האָבן פערד. כ'האָב אים פּונקט גע־טראָפן עסן מיטאָג, זייער אַ שיינעם רויטן באַרשטש. זאָגט ער צו מיר: איר האָט אַ לעבעדיקע שוויגער, ביז 120 יאָר. דאַנק איך אים. בעט ער מיך זיצן, און זיין פרוי פרעגט מיך, אויב ס'שמעקט מיר דער באַרשטש, איז זי מיך באַלד מכבד. איך האָב געדאַנקט, און געזאָגט, אַזוי ווי איך וויל פאַרדינען אַ מצווה, וויל איך זי נישט אַוועקגעבן פאַר אַ זאַק באַרשטש, און וויל בעסער צונעמען נאָך איין שותף צו דער וויכטיקער שליחות.

כ'דערצייל די אורזאַך פון מיין קומען. זאָגט ער מיר: ערשט צוריק מיט אַ שעה איז געווען ביי אים דער קאָמענדאַנט און האָט ביי אים גענומען אַ פערד

און איז אַוועקגעפֿאָרן קיין באָרסעקאָוויץ. אָבער זאָגט מיר צו, ווען ער וועט צוריק־קומען, וועט ער מיט אים רעדן.

אויף דער זעלבער נאַכט קומט ער צו מיר און זאָגט, אַז די גאַנצע סחורה איז דאָ ביי אים. כ׳האָב געוווּסט, אַז די טובה, ווי אַנדערע אַזעלכע טובות, איז אויס־געגאַנגען צו זיין קעשענע. אָבער דוד ליפּא האָט נישט געפּאָדערט גאָרנישט. אַ פּשוט־טער מענטש, אָבער אַזוי גוט און אַזוי ברודערלעך.

✶ אין איסקעוויץ האָט געוווינט אַ פּאָרפּאָלק, משה טעפּער און הינדה. הינדה פֿלעגט קומען אין שטאָט אַריין אַליין, טרייבנדיק דאָס רויטע פערל, וואָס האָט געהאַט דאָס מזל צו זיין ביי זיי נישט ווייניקער פון 20 יאָר. פירנדיק טאָג איין טאָג אויס אין שטעטל אַריין קאַרטאָפליעס, פּאַסאָלעס, גרויפּן, מעל אויף ברויט און אַפילו אַן עוף אויף שבת פּאַר באַוווּסטע קבצנים, וואָס האָבן שוין געוווּסט, אַז אויף שבת וועט קומען הינדה פון איסקעוויץ, און וועט שוין עפּעס ברענגען.

משה טעפּערס פּאָטער האָט געוווינט אין שטאָט, אַ בכובדיקער ייד, מיט אַ שיינעם אויסזען, מיט קענען די קליינע אותיותלעך, קלוג און מיט אַ גוטער פּען אין דער האַנט. ער פֿלעגט פירן זיין משהס חשבונות.

כ׳מיין, אַז ער האָט קיין מאָל קיין טעות נישט געמאַכט, ווייל ער פֿלעגט יעדע זאַך טאָן געלאַסן, מיט גרויס געדולד. אַפילו עסן פֿלעגט ער זאָגן: דאַרף מען געלאַסן. ווייל עסן רואיק איז גלייך ווי צוויי מאָל געגעסן. כאָטש זייער אַן איידעלער ייד, געקאָנט זיין אַ שליח ציבור, איז ער קיין מאָל נישט צוגעגאַנגען צום עמוד, חוץ אין יאָרצייט. ער האָט שטענדיק געזאָגט: אַז מענטשן האָבן פון דעם פאַרגעניגן, וויל ער נישט מסיג גבול זיין. ער האָט קיין מאָל קיינעם נישט דערצאָרנט. און נישט אַרויסגעבראַכט פון מויל קיין באַליידיקונגס וואָרט. עניו אין אַלע הינזיכטיקן, ז״ל.

✶ משה טעפּערס שוואָגער, יצחק באַרג, ז׳, די שוועסטער פון מינדה טעפּער, האָבן איז דער ערשטער קריג דורכגעמאַכט אַלס בעזשענצעס אין פּלען אין עסט־רייך, אונטער די ערגסטע באַדינגונגען. זיי זענען נאַכער געקומען קיין לאַנאָוויץ און זיך איינגעאָרדט אַ קלייט פון מעל. ער האָט שטענדיק ליב געהאַט זיך צו פּוצן די שטיוול, אַפילו ווען ס׳איז געווען אַ בלאָטע, האָט אַפילו ליב געהאַט צו דאַוונען פאַרן עמוד. און פלעגט זייער ליב האָבן מצוות, לייען אַ גמילות חסד פלעגט ער קיין מאָל נישט אָפּזאָגן און די פּרוי זיינע, טובע, ז״ל, האָט געקוואָלן, ווען מען איז געקומען צו אים נאָך אַ גמילות חסד.

✶ יצחק מלמד מיט זיין פּרוי. וויפל זיי האָבן געהאַט, איז געווען גוט. נישט מקנא געווען קיינעם, נאָר געשטרעבט צו האָבן פּאַר וואָס אַריינצוברענגען דעם שבת מיט חלה, פיש, און קידוש. קיין מאָל נישט מקנא געווען אויף פרעמדע, בעסערע באַ־קוועמלעכקייטן. און זייער גרעסטע שטרעבונג איז נאָר געווען צו קענען געבן זייערע צוויי טעכטער אַ גוטע דערציאונג.

✶ לייזער דער גרינער. האָט נישט געקענט קיין בלאַט גמרא, און אַפילו נישט גויאיש רעדן, נאָר אַ ייד מיט אַ יידיש האַרץ, און קיין מאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון

טאָן אַ טובה. סיי מיט געלט, סיי מיט טרחה. אַז איינער איז אַריינגעפאַלן אין קלעם, ביים קאָמענדאַנט, ביים אינספּעקטאָר, איז מען תיכף געלאָפן צו לייזער דעם גרינעם, ווי מען האָט אים גערופן, און ער האָט זיך נישט פאַרלוירן פאַר קיינעם מיט זיין שפּראַך, נישט קוקנדיק, וואָס זי איז געווען אַ מישונג פון צעבראָכענע ווערטער, געמישט פּויליש, אוקראַיניש, און אין מיטן גאָר, יידיש. נאָר די אַלע, וואָס ער האָט ביי זיי געדאַרפט עפּעס אויספּועלן, האָבן אים גוט פאַרשטאַנען, ווייל זיין קליגער קאָפּ און זיינע טיפע געדאַנקען, האָבן געמאַכט פאַרשטיין. ער האָט קיין מאָל נישט געדאַרפט גיין זוכן אַ וואָרט אין קעשענע. אַלע, וואָס ביי זיי אין די הענט איז געלעגן דער גורל פון יידן פון שטעטעלע, האָבן גוט געוווסט, אַז ער איז נישט קיין עורך דין, וואָס מיינט זיין אייגענע טובה, ווייל ער טוט דאָס נאָר לטובת הכלל שלא על מנת לקבל פרס, איז בעל כרחך, האָבן זיי געמוזט אים נאָכגעבן.

**יוסף וואראד**
(ניו־יורק)

# א באזוך אין לאנאוויץ

ווען כ׳בין שוין געווען א פאר יאר אין אמעריקע, האט זיך ס׳הארץ מיינס פארבענקט נאך מיין ליב שטעטעלע לאנאוויץ, כ׳האב געבענקט נאך מיין משפחה, נאך חברים. אבער, דער אמת איז, אז ס׳האט זיך געוואלט וויילן א ביסל אין דער ווארעמער אטמאספער פון די גוטע לאנאוויצער יידן.

כ׳האב צוזאמענגענומען א ביסל געלט און געפארן. ס׳איז געווען אין יאר 1913. דער באזוך איז געווען אזוי איבעראשנט, אז ביז היינט געדענק איך אים.

אנגעקומען בין איך א דאנערשיק פארנאכט. דאס שטעטל איז געווען איינגעהילט אין אַ מאָדנע שטילקייט. דאס וואכעדיקייט פון טאג איז אוועק און ס׳האט אנגעהויבן צו הויכן מיט א גייסטיקען רו. אין די געוועלבן זענען נאר געבליבן פרויען. מענער האבן געוואשן הענט, צוגעקעמט די בערדלעך, אנגעטון די שווארצע טראכס — און געלאזט זיך אין בית־המדרש, פאר מנחה און מעריב.

כ׳בין געשטאנען אין מיטן גאס, ווי א פרעמדער. נאך דעם הו־הא פון ניו־יורק האט מיך די הייליקע שטילקייט פארטעמפט. ס׳הארץ האט געקלאפט מיט ספקות: ווער ווייסט וואס וויכטיקער ס׳איז פאר דער מענטשהייט, פאר די יידן, אפשר גאר לאנאוויץ?

כ׳בין נישט געגאנגען זען מיין איינציקע שוועסטער טויבע כ״ץ און ליבן מאן לייזער קיבעס, פריער בין איך אוועק אין בית־מדרש.

מ׳האט מיך ארומגערינגלט פון אלע זייטן און געשטעקט ווארעמע הענט אויף שלום־עליכם. יואל שוחט האט געדאוונט פאר׳ן עמוד און אריינגעדאוועננט א ווארעמען מנחה־מעריב.געענדיקט דאס דאווענען, האב איך געגעבן א פלעשל בראנפן מיט א צובייס און מ׳האט געטרונקען אַ לחיים.

אלע האבן געטרונקען. אלע האבן זיך גערוקט צום טיש און געווינשעוועט. איך בין געווען דער צענטער — א לאנאווצער זון, וואס פארגעסט נישט לאנאוויץ.

ערשט דאן בין איך אוועק צו מיין שוועסטער און שוואגער.

פאר׳ן אוועקגיין צו זיי האב איך אנגעזאגט, אז ווער ס׳וויל אפגעמען גריסן פון לאנאווצער אין אמעריקע, זאל קומען צו לייזער כ״ץ. אין אמעריקע זענען געווען דאן א גאנץ ביסל לאנאווצער יונגעלייט, וואס האבן פארלאזט ווייב און קינדער און געפארן זוכן עקזיסטענץ פאר זייער משפחה. איך האב זיי אלע געקענט. אלע זיי באגעגנט אין אמעריקע. אלע האבן מיר געוואינט אין ניו־יורק און כמעט אלע אין איין געגנט.

פרייטיק און זונטיק איז מיין שוואגער׳ס שטוב געווען פול. מ׳איז געקומען פרעגן, אפנעמען גריסן, וויסן וואס מאכן זיי דארט, די טייערסטע זייערע, אין געזונט און פרנסה. געכאפט א טרונק, א לעקעכל, געלאזט א טרער און געשעפט האפנונג אויף ווייטער.

שבת נאכ׳ן דאוונען איז דאס גאנצע שטעטל געקומען צו מיין שוועסטער און שוואגער, אויף קידוש. כמעט יעדע משפחה האט געשיקט א קוגל לכבוד דעם גאסט. ביים קידוש האט מען געזונגען זמירות און געבענשט.

שפעטער פארנאכט־צו בין געגאנגען אין שול, געדאוונט מנחה, געגעסן שלוש־סעודות, געזונגען אתקינו־סעודתא, נאכדעם געדאוונט מעריב.

פון שול זענען אלע אוועק צו לייזער כ״ץ. דארט האט מען געפראוועט א פיינע מלוה־מלכה און פארבראכט מיט געזאנג און התלהבות ביז שפעט אין דער נאכט.

דאס איז געווען א שבת, א עונג רוחני, אויף יארן צו געדענקען.

זונטיק בין געווען געלאדן צום רבי׳ן ר׳ אהרולי אהיים. מיר האבן געהאט א ברייטן שמועס איבער אידישקייט אין דער וייטער מדינה. כ׳האב אים געגעבן א גענויע ערקלערונג וועגן וואס ס׳האט אים אינטערעסירט. אויך פשוט׳ע יידן האבן מיך אויסגעפרעגט, נישט וועגן גאלדענע גליקן, נאר וועגן ידישקייט אין ניו־יורק.

פון לאנאוויץ בין געפארן קיין זבאראזש, צו מיינע עלטערן. דאס גאנצע שטעטל איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר און ווינשן א גליקלעכע רייזע.

*

פון יענע טעג איז עפעס שוין פארגעקומען אויף דער וועלט. ס׳האט די וועלט א ציטער געטאן א מאל צוויי און דריי. שרעקליכע שודערליכקייטן זענען פארגעקומען. אלעס איז געווארן ערשיטערט און פארטושט. אבער די לאנאוצער טעג פון מיין באזוך 1913 — זענען טיף פארקריצט אין מיין זכרון. כ׳קאן נישט און וועל נישט פארגעסן די ווארימע הארציקע יידן, ברידער פון לאנאוויץ. דער שענסטער מוסטער פון מענטש, וואס וועלט וויל ארויסגעבן, קאן נישט זיין געגליכן צו זיי.



בייע גאלדנבערג

# א ביסל משפחה זכרונות

**רעדאקציע באמערקונג**

די יזכור ביכער, וואס ווערן געשריבן צום נישט פארגעסן די שוידערליכ־קייטן פון נאצישן רעזשים, וואס מיט'ן אויסרייד פון יידן־האס האט ער געוואלט באהערשן די גאַנצע וועלט, ווען מיר דערווייל באצאלן דעם בלוטיקן פרייז דערפאר — די ביכער ווערן געשריבן אין אן עפאכע ווו ס'עקזיסטירט אן אנטיסעמיטישער רעזשים, וואס מיט'ן אויסרייד פון מארקסיזם וויל אומברענגען דאס יידנטום און באהערשן די גאנצע וועלט, האט די געשיכטע פון בייע גאלדנבערג א ספעציעלע באדייטונג. ס'דערציילט זיך דא, אז אין צארישן שווארצן רעזשים דארט, האט דאס געריכט און די פאליציי דאך פארטיידיקט יידן.

דערפאר איז די געשיכטע אקטועל אויך יעצט.

מיין טאטע איז געווען א פאנקאוויצער „נכתב" (אלטער רעיעסטרירטער בירגער) דערפאר האבן מיר נישט געהאט בירגער־רעכט אין פוילן און נישט געהאט א פוילישן פאספארט נאר א „קארטא פאביטו" (צייטווייליקע בירגער־רעכט) און געווען פארדעכטיקע אלס מענטשן, וואס דער פוילישער רעזשים דארף זיך זעהר היטן פאר זיי.

פאנקאוויץ איז געווען א ריזיק דארף, וואס איז איבערגעגאנגען פון האנט צו האנט ווען ס'האבן זיך סטאביליזירט די פויליש־רוסישע גרענעצן. אין 1920, ווען די רוסן זענען אריין קיין פוילן און די גרענעץ האט זיך געענדערט און אריבער פון זבאראזש צום הארין, איז פאנקאוויץ מיט איר גרויסן רייכטום געבליבן אין די רוסישע הענט.

דורות האבן געדענקט פאנקאוויץ אלס שם דבר. מיר האבן געדענקט דעם גרויסן טייך מיט דער גרויסער אזיערע און די ריזיקע מיל מיט די פיש־פאנגריי, וואס דוד בערמאן, מיט זיין געניאלן קאפ, האט זיי געקריגן פאר גארנישט און געמיינט רייך צו ווערן, אויף קינדס־קינדער. אבער דוקא דאן האט עס פוילן פארלארן, און פאנקאוויץ איז אוועק און זיך דערווייטערט פון דוד׳ן און פארוואנדלט געווארן ביי אים אין א אידעע פיקס זיינע, אים אראפגעפירט פון די געדאנקען און אים געבראכט צו אייביקע רייזעס צו גראף זאמאיסקי״ן און שרייבן מעמאראנדומס צו פילסודסקי׳ן.

פאר אונז, גאלדנבערג׳ס, איז אבער פאנקאוויץ געווען א קוואל פון משפחה שטאלץ און צרות, פון ביי־דעם־פריפעצ׳יק געשפרעכן און ראנגלעניש מיט דעם פוילישן פיינדליכן צו אונז רעזשים.

מיין טאטע האט פארלאזט דאס דארף אלס קינד און וואלט עס געקאנט פארגעסן. דאך פלעגט יעדעס קינד, וואס איז געבוירן געווארן ביי אים אין פוילן און אין איר רעזשים, פארשריבן ווערן אלס פרעמדער. אין זיין מעטריקע איז געווען געשריבן: — ביים פאטער דעם ערד־ארבעטער פון פאנקאוויץ איז געבוירן געווארן א קינד און א נאמען גיט מען אים....

די אורזאך דערפון איז דאס: דער צאר אלעקסאנדער דער צווייטער פלעגט זיך אפט פארשטעלן פאר א געוויינלעכן בירגער און אראפ צום פאלק, ארומפארן אין אלע בררייטע עקן פון זיין לאנד און אונטערהערן זיך וואס זאגט דאס פאלק.

ווען ער איז אזוי פארפארן קיין פאנקאוויץ, א דארף פון טויזנטער גויים, און געהערט אז צווישן זיי לעבט אייננאוננאייניציקער ייד, האט עס אים זעהר אינטערעסירט צו זען דאס וואונדער. ער האט געוואלט מיט זיינע אויגן זען די וואונדערליכע משפחה, וואס האלט אויס ידישקייט אין איר גרויסער איינזאמקייט, אין א ים פון גויים. ער האט אויך געוואלט אייגנאויגיק זען דעם טיפ מענטשן, וואס מ׳זאגט אויף אים, אז ער האט אין זינען נאר געלט און מענטש איז פאר אים מינדערווערטיק.

ער איז אליין צוגעקומען צו דער טיר אונזערער, אנגעקלאפט — אזוי האט דער זיידע דערציילט — געפרעגט צו מ׳ערלויבט. ווען ער איז אריין אין שטוב האט ער געזאגט, אז ער קומט פון ווייט און ער האט נישט קיין גראשן ביי דער נשמה און נישט פאר וואס צו קויפן עסן.

די באבע האט נארוואס געענדיקט קאכן איר געפילטע פיש אויף שבת, האט אים אנגעגעסן מיט די געשמאקע יידישע מאכלים, אים אנגעטרונקען מיט רוסישער הייסער טיי.

ווען דער צאר האט געענדיקט זיין מאלצייט, איז ער אויפגעשטאנען פון טיש און געזאגט:

— טייערע באַבושקע, וואס וואלסטו געוואָלט כ׳זאל דיר געבן דו זאלסט מיך אויף אייביק געדענקען? — האט זי אים געפרעגט ווער איז ער עפעס, וואס קען שענקען אזעלכע מתנות? — און ער האט איר ענטדעקט זיין סוד.

און זי האט געבעטן:

— ס'זאלן מיינע קינדער און קינדס־קינדער קיינמאל נישט גיין צום מיליטער און נישט דארפן עסן טרפות.

האט ער איר געענטפערט:

— דאס קאן אפילו איך נישט צוזאגן. מיליטער איז מיליטער.

— אויב אזוי, האט זי געזאגט, גיב־זשע מיר א צייגניש, אז איך און מיין משפחה מעגן אויף דורות זיצן אין די דערפער פון דיין לאנד.

ווי באוואוסט, האט קיין ייד נישט געטארט וואוינען אין רוסלאנד אין די דערפער. ער האט איר צוגעזאגט און איז אװעק.

צו דער וואך, זענען אין דארף אריינגעקומען זיעמליע מיערן (לאנד מעסטערס) האבן געקוקט אין די מאפעס און פלענער, געמאסטן און געמאסטן — און אוועק.

אין א צייט שפעטער איז צו דער באבען מיינער געקומען א שליח פון צאר און איר געבראכט א אייגנטום־שיין אויף 24 דיעסיאטין תבואה־באדן און 18 דיעסיאטין סינאזשץ, ד.ה. זומפ־באדן, וואס גיט גרינס־פוטער די בהמות און היי. דערצו א זיץ־רעכטס־באשיינונג צו זיצן אין דעם דארף, אדער אין אנדערע, אויף אייביק.

די זיץ־רעכטס־באשיינונג איז געווען א גרויסער שרייבן, אינגאנצן גאלד געשריבן און דער צוויי־קאפ אדלער פון די ראמאנאוו'ס האט גאלדן געשוועבט איבער דעם.

צוויי זאכן האט איר בריף געגעבן: אן אטמאספערע פון לעגענדן און הויכגייסטיקייט אין די משפחה געשמוסן און.... אונענדליכע צרות.

ווי געזאגט האט דער צאר אלעקסאנדער נישט באפרייט אונזערע זין פון מיליטער־דינסט, און ווען מיין עלטסטער ברודער שלמה האט געדארפט איינריכטן אין מיליטער, און ער איז געווען קליין, דאר און שוואך, האט ער באשלאסן אריבער גיין די גרעניץ נעבן זבאראזש און פון דארט אריבער קיין אמעריקע.

צוזאמען מיט נאך פינף יינגלאך איז ער אוועק און אנגעקומען אין א געוויסן דארף, וואו ס'האט געוואוינט א גוי, א באקאנטער גרעניץ שמוגלער. זיי האבן זיך מיט אים אויסגעדונגען און היידא געפארן. באנאכט, אין דער פענסטערניש האט דער גוי זיי פארפירט אין א טיפן טאל וואו די פינסטערקייט איז געווען דיכטער און טיפער. פלוצים האט ער א געשריי געטאן מיט א שטארקן געשריי: טפררו! — דאס הייסט „שטיי" — אויף פערדישן לשון.

איינער פון די חברה האבן אים באמערקט, אז אויף גרעניצן טאר מען נישט שרייען און ער וואונדערט זיך ווי ער, א געניטער שמוגלער, זאל דאס נישט וויסן. אבער ס'איז שוין געווען צו שפעט.

צו זיין געשריי האבן פלוצים זיך דערהערט גערוישן ארום זיי און דער אפקלאנג פון טאפטשענדיקע שיך אין דער טיפער קלעפיקער בלאטע פון דעם פינסטערן טאל.

די „קינדער" האבן פארשטאנען, אז זיי זענען ארייננעפאלן. פאר צופיל פחד איז שלמה מיין ברודער אנטלאפן אין די קוסטן פון דערנעבן און משקה דער בעדער איז אוועק און פארשוואונדן. די איבריקע פיר זענען אריינגעפאלן.

די צוויי האבן פארזוכט זיך אפזוכן איינס ס׳אנדערע און נישט געפונען. איז שלמה געבליבן אליין, פול מיט פחד און אויפמערקזאמקייט. פלוצים הערט ער איינער זאגט דעם צווייטן: — וולאדימיר, שנייד! וואס ווארטסטו? און דער צווייטער ענטפערט: — מ׳טאר נישט! די צוויי זענען אנטלאפן און מיר קאנען נאך ארייננפאלן.

שלמה האט באשלאסן נאכדעם אנטלויפן און זיי האבן אים דערהערט ווי ער רירט זיך. איינער פון זיי האט א זאג געטאן: — איך הער זיי נעבן אונז!

און ריידנדיק האט ער א ווארף געטאן א שטיק אייזן און ס׳האט אים געטראפן אין פוס. שלמה האט אנגעהויבן קרעכצן פאר ווייטאק, איז דער באנדיט צו און אנגעכאפט אים ביים הויז און אפגעריסן א שטיק הויז.

אין דעם הויז איז געווען איינגענייט דאס גאלד, וואס דער טאטע האט אים מיטגעגעבן ער זאל האבן פון וואס צו לעבן אין דער פרעמד די ערשטע טעג. דערפאר איז די נאט געווען מיט דער האנט און א שוואכע.

דער באנדיט האט דערפילט דעם אוצר האט ער פארגעסן אין ברודער און געהוליעט פאר פרייד. מיין ברודער האט דערווייל זיך אפגערוקט און מיט די לעצטע כוחות אוועק.

דערשלאגן און פארווייטאקט איז ער אריין אין דער ערשטער באלויכטענער שטוב אין א דארף נעבן וויזשעראדיק. דאס איז געווען די איינציקע יידישע שטוב.

דער ייד האט זיך פריער דערשראקן, זעענדיק א שמוציק באשעפעניש, שווארץ געקליידט און ווייס, אבער ווען ער האט געהערט דאס ידישע און די געשיכטע האט ער אים אריינגעלאזט אין שטוב אריין און געקלערט מארגן פרי אים אפצופירן אהיים.

אינצווישן איז משקה אנטלויפנדיק אנגעקומען און אלארמירט די פאליציי און זי פארפירט צום פלאץ.

שלמה איז געווען מיין ברודער פון טאטן. זיין מוטער איז געשטארבן ביי זיין געבורט. דער טאטע האט געוואלט זיין זון זאל נישט ליידן פון א שטיף־מאמע, האט ער חתונה געהאט מיט זיין ווייב׳ס שוועסטער, מיין מאמע נאכהער.

אין דער דאזיקער נאכט האט זיך מיין מאמע אויפגעכאפט פון שלאף מיט א שרעק און געוויין. און... דערציילט א שרעקליכן חלום.

אין חלום איז צו איר געקומען איר טויטע שוועסטער און געזאגט:

— מיין איינאונאייציקער זון איז אין א גרויס געפאר ארום מיט באנדיטן, וועלכע ווילן אים הרגנען און דיר מאכט עס נישט אויס. איך לויף אים ראטעווען. דו האסט נאך קינדער און דו זארגסט נישט פאר אים, אבער איך לויף און כ׳וועל אים ראטעווען.

דער טאטע האט זי אויסגעלאכט, זי בארוהיקט און געהייסן איר ווייטער שלאפן.

אָבער באַלד האָט זי ווידער זיך צעקרעכצט אין שלאָף און געשטערט אים שלאפן. ער האט זיך אויפגערעגט: — וואס האסטו צו טון מיט פוסטע חלומות. לאז שלאפן!

אבער די מאמע האט אים נישט צורו געלאזט: — זי איז ווידער געקומען צו מיר פון קבר, אבער יעצט האט זי געזאגט:

— דאס קינד איז געראטעוועט, גייט און ברענגט אים אהיים. אויב דו מיינסט אז ס'איז א חלום, וועל איך אלס צייכן אפשטעלן דעם צוויי־וואכן זייגער אייערן.

דא האט דער טאטע געוואלט איר אויפווייזן דאס פוסטקייט פון אירע חלומות. ער איז צוואלאם אראפ פון בעט, אנגעצונדן דעם לאמפ, אויפגעהויבן אים צום זייגער, באלויכטן און... דער איז טאקע געשטאנען.

דעם טאטן האט דאן באשלאגן א שוויס, הענט און פיס האבן אים געציטערט. ער האט זיך שנעל אנגעטון אוועק אויף גיך צו דוסין, זיין בעסטן גוי־פריינט און אים געבעטן ער זאל אים שנעל פארפירן קיין לאנאוויץ צום רב.

מיטוואך איז דאן געווען, און ס'איז יריד אין לאנאוויץ. צו פרי געווען גיין צום רב. איז ער דערווייל צו קוזלען אין איינפאר־הויז. הערט ער זיצט א ייד פון וויזשעראדיק און דערציילט, אז באנאכט איז צו אים אריין א צעשראקן בחור'ל, דערציילט רער פאליציי וועגן זעקס בחורים א.א.וו. און געענדיקט, אז פיר זענען אין די הענט פון די באנדיטן, אבער דער זעקסטער, דער קליינינקער, איז פארשוואונדן.

דער טאטע האט פארחלשט. הייסט עס אז אַלץ איז ריכטיק.

ווען ער איז געקומען צו זיך האט ער געבעטן איציק־שמואל'ן ער זאל אים פארפירן קיין וויזשעראדיק, און אזוי האט ער געבראכט שלמה'ן אהיים.

*

אין דעם געריכט געגן די באנדיטן האט מען זיך דערוואוסט די גאנצע געשיכטע:

משקה האט אלאמירט דעם פריסטאוו מיט דער פאליציי. אינדערפרי ווען זיי זענען געקומען אויפ'ן פלאץ, האבן זיי געפונען דעם שטיק שווארצן הויז מיט דעם שטיק אייזן. ווען זיי זענען אריין אין דארף האבן זיי זיך געפרעגט אויף וולאדימיר'ן, וועלכער האט געגאלטן אין דארף אלס באנדיט און א,,מערדער צום האבן".

אוועק צו אים אין שטוב איז דארט געווען נאר א פינף יעריק קינד און אן אלטינקע, וואס איז נאך געלעגן אויפ'ן אויוון און געשלאפן. דער פריסטאוו האט דעם אייזן אוועקגעלייגט אויפ'ן אויוון און געפרעגט ס'קינד:

וואו איז טאטע? — און ס'קינד האט דערציילט ווי דער טאטע איז געקומען גאנץ פרי אנגעווארפן אויפ'ן טיש א הויפן גאלד־מאנעטן און געשריגן:

— מיר זענען רייך געווארן!

די מאמע האט אים געהייסן אוועק מיט'ן געלט און ער איז אוועק פארשטעקן דאס געלט, ווייל די מאמע האט זיך געקריגט מיט אים.

דא האט זיך די אלטיטשקע גויע אויפעכאפט און דער פריסטאוו האט זיך צו איר געוואנדן:

איך זע דא אויבן א שטיק אייזן, אפשר קאנסטו מיר דאס בארגן.. דער וואגן האט זיך אים צעבראכן... ער האט איינגעזונקען אויפן וועג צום דארף א.א.וו.

די אלטינקע האט פארציטערט:

— ניין, ניין מיין טייערינקער, כ'טאר נישט, וולאדימיר וועט מיך הרג'נען, אז ער וועט נישט טרעפן דעם אייזן זיינעם.

דער אייזן און דאס שטיק שווארצע הויז און די בלאטע פון טאל אויפ'ן הויז זענען געווען די זאכליכע צייגן געגן די באנדיטן, די מערדער, אויפ'ן געריכט. ס'געריכט האט זיי פאראורטיילט אויף לעבנלאנגליכע ארויסשיקונג קיין סיביר מיט שווערער ארבייט.

# לאנאוויץ אמאל...



# און היינט



....קיין זכר פון שטעטל

# לאַנאָוויצער אין אומקום

משה ראָזנבערג

## אין לאַנאָוויצער געטאָ — פֿון אָנפֿאַנג ביז נאָכן ליקווידירן

אין יוני 1491 האָבן די רוסן איינגעפּאַקט די פּעקלעך און אַנטלאָפֿן קיין רוסלאַנד. דאָס מיליטער האָט נאָך אָנגעהאַלטן אַ פּאָר טעג און האָט אָנגעפֿאַנגען אָפּטרעטן. צוריקציענדיק זיך, האָבן זיי נישט געפֿונען דעם ריכטיקן וועג און געקו־מען צוריק. אין דער געגנט פֿון בילאָזאָרקע, האָבן זיי די דייטשן פֿאַרכאַפּט אין פֿלען. דאַן איז לאַנאָוויץ געווען אַ שלאַכט־פֿעלד און די שיסערייען צווישן די רוסן מיט די דייטשן, האָבן געדויערט שעהן לאַנג. דערווייל האָט מען געלעבט אין אַ שרעקלעכן פּחד, וואָס וועט זיין מאָרגן? דערנאָך איז שטיל געוואָרן אין שטאָט.

**אַזוי זענען אָנגעקומען די דייטשן** (יולי 1941)

אין אָנפֿאַנג זענען געקומען פּאַטרולן אין 3 טאַנקן. אַרויפֿגעפֿאָרן ביז „אַרויף" און צוריק. געכאַפּט אַ שטיי־פּונקט נאָענט צו דעם פּראַוואָסלאַווישן קלויסטער, אַנטקעגן גליניקס שטוב.

די אוקראַינער האָבן זיך גרופּירט אַרום זיי, אַרומגערינגלט זיי מאַסנווייז, פֿון קינד ביז אַלט. דאָס ערשטע מאָל, ווי זיי האָבן געזען אַ טאַנק. דאָס איז געווען פֿאַר זיי ממש אַ סענסאַציע. און נאָך עפּעס: זיי האָבן געפֿילט מיט זייער גויאישן אינסטינקט, אַז ס'איז כדאי מיט זיי פֿאַרבונדן אַ פֿריינדשאַפֿט.

גלייך זענען זיי אַריין צו זעליג „רופֿא". דאָרט איז געווען דער רוסישער קאָאָפּעראַטיוו. אַרויסגעשלעפּט פֿון דאָרט אַ גראַמאָפֿאָן און אָנגעפֿאַנגען שפּילן אין מיטן גאַס. דעם גראַמאָפֿאָן האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אויף אַ טאַנק און עס האָט זיך געהערט דווקא נישט קיין דייטשע מוזיק.

נאָך די טאַנקן זענען אָנגעקומען גרופּן מיליטער און קאַוואַלעריע.

אויך זיי האָבן דאָס ערשטע דורכשפּאַצירט די שטאָט דורך דער לענג און דורך דער ברייט און דערנאָך האָבן זיי זיך באַזעצט אויף דער „בלאָטע" און פֿון דאָרט, האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט פֿאַר טאָג זוכן עסן פֿאַר זיך און פֿאַר דעם לעבע־דיקן אינווענטאַר. זיי זענען אַריין אין יעדער יידישער שטוב און אַרויסגענומען פֿון דאָרט זעק מיט תבואה, מעל, גרויפּן, פֿאַסאָליעס. אַלץ, וואָס מען האָט אָפּגע־שפּאָרט אויף אַ שוואַרצן טאָג. ס'זענען געווען פֿאַלן, וואָס זיי האָבן געצוווּנגען די יידן זיי זאָלן אַליין געבן די אַלע פּראָדוקטן. עפּעס פֿונעם נאַציזם האָט זיך שוין געלאָזט פֿילן. נישט אין עצעם פֿון נעמען די פּראָדוקטן, נאָר אויף וואָס פֿאַר אַן אופֿן.

פאַרשידענע פעטס, ווי פוטער, חזיר־פעטס, גענדזן־שמאַלץ, אָדער פון עופות, דאָס האָבן זיי דווקא זייער איידל געבעטן.

אַזוי האָט זיך געצויגן עטלעכע טעג, אַ וואָך, און אפשר אַ ביסל מער. דאָס זענען געווען געשפּאַנטע און נישט קיין קלאָרע טעג. יעדן טאָג לאָזט זיך אַרויס גרופּנווייז מיליטער איבער דער שטאָט, צווישן די שטובער, קאָנפיסקירן עסנוואַרג פאַר זיך און פאַר די פערד. אַזוי טאָג און נאַכט. דאָס לעבן שטעלט זיך אָפּ, עס ווערט פאַרגליווערט.

אין צווישן האָט אויפגעהערט דאָס באַוועגונג פון מיליטער. עס האָבן אָנגעהויבן קומען פּריוואַט־מאַשינען מיט נאַציס פון די הויכע ראַנגעס. אַ טייל איז אַוועק, און עטלעכע בלויז זענען געבליבן כדי צו אָרגאַניזירן די מאַכט. מען קען זאָגן, אַז אין אָנפאַנג פון זייער קומען, האָבן זיי ספּעציעל נישט דערקוטשעט די יידן. דאָ און דאָרט, האָבן די „וויכטיקע פּערזאָנען" זיך צוגעטשעפּעט צו אַ יידן, און אים אָפּגעשוירן די באָרד.

דער ערשטער קרבן איז געווען מעכל קאוועלס. אַ נאַצי האָט אים, מיט זיין שווערד, אַרויסגעריסן זיין באָרד. אויסער דעם, האָבן זיי געוואָרפן לאָזונגען די גאַנצע צייט, ווער עס האָט יאָ פאַרשטאַנען, אָדער נישט פאַרשטאַנען, אַז די „רוסן קאַפּוט", די „יודען קאַפּוט", די „פּאָליאַקן קאַפּוט", נאָר די אוקראַינער „גוט".

## אונדזערע „שכנים" די הערשער

די אוקראַינער האָבן איבערגענומען די מאַכט. אַזוי ווי די רוסן האָבן איבערגעגעבן די שליס־פּאָזיציעס די יידן, אַזוי האָבן די דייטשן איבערגעגעבן די מאַכט די אוקראַינער.

מיטן איבערנעמען די מאַכט האָבן די אוקראַינער אונגעפאַנגען מאַכן צרות. זיי פלעגן קומען ביי נאַכט נעמען די יידן, (כלומרשט) צו דער אַרבעט, און זיי הרגענען. קלאָר, אַז דאָס ערשטע, זענען זיי געגאַנגען צו יידן, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיי פּערזענלעכע חשבונות. די ערשטע נאַכט, האָבן זיי גענומען: ישראל כץ, ברוך — פּרצס זון, מייצי שפּילער, נפתלי און אַליעזר ווינער. געבראַכט זיי נעבן ליבער בורשטיין. דאָרט זיי געהרגעט און זיי דאָרט באַגראָבן. מיט בערצ'יקן האָבן זיי, צופעליק, אַנדערש געהאַנדלט. זיי האָבן אים גענומען, געמוטשעט, צעבראָכן אַ האַנט, געשלאָגן מכות־רצח, און אים באַפרייט. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי האָבן אים די ערשטע נאַכט באַפרייט, האָבן זיי אים שפּעטער ווידער גענומען און מיט שטעקנס געהרגעט.

אין פאַרלויף פון די ערשטע נעכט, האָבן זיי געהרגעט אַ 60 מענטשן. דאַן זענען זיי געקומען צו אליק צאַפּ און יוסף קליינמאַן און זיי גענומען מיט לאָפּאַטעס אין די הענט צו „באַגראָבן" די יידן. אין דער זעלבער נאַכט זענען אויך זיי נעלם געוואָרן. די „מעטאָדן" האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבעסערן...

די אוקראַינער האָבן אויך אין די מיידלעך נישט פאַרגעסן. אָדער זיי האָבן זיי געהרגעט, אָדער פאַרגוואַלדיקט און נאָכער באַפרייט.

בדרך כלל האָט זיך געפּילט, אַז דאָ רעכנט מען זיך אָפּ פּריוואַטע חשבונות פון יאָרן לאַנג. די חשבונות האָבן זיי געמאַכט מיט אַ סך יינגלעך. אַ מאָל זענען זיי געקומען און גענומען בורע מרגולית. ווען זיי האָבן אים אַרויסגענומען, האָבן די עלטערן זייער געוואַלדעוועט און געלאָפן זוכן הילף. זיי זענען אָנגעקומען ביז צום דייטשישן גובערנאַטאָר. ער האָט געוווינט ביי דער באַן. ער האָט זיך צעלאַכט און געפרעגט:

— וואָס איז דער געשריי? מ'האָט דאָך אים נישט געהרגעט. באַשעפּטיקט מיך נישט!

זיי זענען אַוועק מיט דעם, מיט וואָס זיי זענען געקומען. בורע איז דערווייל נעלם געוואָרן. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז ווידער געווען אַ נקמה פון אַן אוקראַינער, בורע האָט אַ מאָל באַליידיקט זיין זון.

אין די אַלע טאַטן האָבן די דייטשן נישט גענומען קיין אָנטייל. זיי האָבן געגעבן די אוקראַינער פולע פרייהייט, זיי זאָלן כוליגאַנעווען וויפל זייער האַרץ גלוסט און דערווייל מאַכן פאַר זיי די שוואַרצע אַרבעט.

## צוואַנגס אַרבעט — און אַ גאַראַנטיע פון יידן

די צווייטע סטאַדיע איז געווען אין אויגוסט. די אוקראַינער האָבן אָנגעהויבן ערנסטער נעמען יידן צו דער אַרבעט. אין אָנפאַנג זענען יידן געווען צופרידן מיט דער אַרבעט ביי דער באַן־סטאַציע. דאָרט האָט מען געאַרבעט ביי לאַדן וואַגאָנעס. זיי האָבן געבראַכט בגניבה, אויסבאַהאַלטן, פאַרשידענע זאַכן; קליידער און שטוב־כלים און די פּויערים פון די דערפער פלעגן קומען נעמען די זאַכן און געבן דערפאַר עסנוואַרג.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דער הונגער ביי די יידן האָט זיך נאָך אָנגעהויבן פאַר די רוסן און איצט, ביים דייטש־אוקראַינישן רעזשים, איז בכלל נישט געווען קיין מסחר, איז במילא נישט געווען קיין עסן. דאָס איז געווען די גרעסטע דאגה, ווו נעמט מען אַ ביסל עסן? מען האָט געחלומט וועגן עסן. ווען מ'האָט דערפילט דעם טעם פון גיין צו דער אַרבעט, האָט מען אָנגעהויבן אויסמיידן גיין צו דער אַרבעט. און די הויפּט סיבה פון נישט וועלן גיין צו דער אַרבעט איז געווען, וואָס די כוליגאַנעס פלעגן שטיין אויף דעם וועג און וואַרפן שטיינער אויף די יידן. פאַרקלאָגן זיך אויף זיי איז נישט געווען צו וועמען. און אוי און וויי איז געווען צו דעם, וואָס איז געגאַנגען זיך קלאָגן.

פלעגן זיך די מענער אויסבאַהאַלטן מען זאָל זיי נישט נעמען צו דער אַרבעט. די פרויען האָט מען נישט אַזוי געמאַטערט. ס'האָט זיי אָבער געפעלט אַרבעטער. פלעגן די דייטשן זוכן די מענער אין די שטובער. אַ מאָל זענען זיי אַריין אין שול און דאָרט געטראָפן יידן דאַוונען, האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון אַלט ביז יונג. די יונגע, די פעאיקע צו דער אַרבעט, האָבן זיי אַוועקגעשיקט צו דער אַרבעט און די אַלטע, האָבן זיי פאַרנומען אַלס גאַראַנטיע און איינגעזעצט אין טורמע. (יצחק בוכשטיינס געוועלב האָט מען פאַרוואַנדלט אין אַ טורמע). צווישן די יידן זענען

געוועז: עזיאל רבין, יצחק מלמד, מאָטל שפּייזמאַן, משה טעפּער, משה קירשנער. צו די חשובע יידן האָבן זיי אויך גענומען אַ פּאָר קבצנים, פרעמדע, וואָס זענען אין בית־מדרש געוועז, אָנוואַרעמען אַ ביסל די ביינער.

מער האָבן מיר זיי נישט געזען. זיי האָבן אַפילו נישט זוכה געווען צו זיין אין געטאָ, זייער גורל איז געווען אַ ביטערער.

## די דייטשן האָבן פאַרבאָטן די געבורט־צאָל

אין אַ טאָג, האָט אין מיטן מאַרק מודיע געווען דורך אַ הילכער, דער נאָמי־נירטער דאַן סאָלטיס, דער אוקראַינער יאַקוב סוצקי, אַז ס'איז פאַרבאָטן די יידן צו האָבן קינדער און ווער עס וועט נישט אויספאָלגן דעם געזעץ, וועט מען דעם מאַן קאַסטרירן און די פרוי מאַכן אַ עקרה. דעם באַפעל האָט געדאַרפט איבער־זעצן ישראל ר' אהרונס, ליידער האָט ער נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט אוקראַיניש. אַלס שטראָף, האָט מען אים באַלד אַרעסטירט און אים איינגעזעצט צוזאַמען מיט די האפּט־יידן. שפּעטער האָט מען צו זיי צוקאָאָפּטירט נאָך ירוחם פורמאַן, עוזיאל רייכמאַן, און אויסער זיי האָט מען אַרעסטירט נאָך אייניקע און אויך די, וואָס האָבן געהאַט פונקציעס אין יענעם רעזשים — אַלע האָבן געהאַט דעם זעלבן גורל. די טורמע איז געוואָרן צו ענג, קיין קלאָזעטן זענען נישט געווען, און דאָרט ווו מ'האָט געגעסן און געשלאָפן, דאָרט האָט מען געמאַכט די באַדערפעניש.

די ערשטע טעג, האָבן די משפחות געבראַכט זיי איין מאָל אין טאָג עסן. נאַכער האָבן זיי דאָס אויך פאַרבאָטן און מ'האָט זיי מהפקר געווען צום הונגער און צו אַ לאַנגזאַמען טויט. ביז היינט ווייסט מען נישט, ווי אַזוי זיי האָבן געענדיקט מיט זיי, ווייל צום געטאָ איז קיין שמועה וועגן זייער גורל נישט צוגעקומען. לויט די אוקראַינער האָבן שפּעטער איבערגעגעבן, האָט מען זיי איבערגעפירט קיין בילאָזורקע צופוס, אויסגעמאַטערטע און אָנגעווייטיקטע, און דאָרט זיי געהרגעט און אַלע צוזאַמען באַגראָבן. לויט דער עדות, געפינט זיך זייער קבר אויפן וועג ביים אַריינגאַנג קיין בילאָזורקע.

## דאָס אויפשטעלן דעם געטאָ

נאָך די יום־טובים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ שמועה, אַז די דייטשן שטעלן אויף אַ געטאָ פאַר די יידן. די ערשטע שטוב, וואָס זיי האָבן צעוואָרפן פאַר דעם צוועק איז געווען אשר פויגלעס. אייגנטלעך האָט מען נאָר צעוואָרפן די נייע שטוב, די אַלטע האָט מען געלאָזט. זיי האָבן נאָר צענומען די אָנגעטוענע שטוב אויף דער אַלטער. אַזוי האָט מען געבויט אין לאַנאָוויץ. יידישע אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן אויפשטעלן דעם פאַרקן פון 4—3 מעטער די הויך. מאַטעריאַל צום פאַרקן, האָט מען גענומען פון יידישע שטובער, וואָס זענען פאַרלאָזט געוואָרן מיטן אַוועקגיין פון די רוסן פון דער שטאָט. דער געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן באַצייכענען.

אָנפאַנג אדר, בערך אין חודש פעברואַר 1942 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אין משך פון 3—2 טעג זאָלן אַלע יידן איבערגעפירט ווערן אין געטאָ, יידן, וואָס

זייערע שטיבער זענען נישט אַריינגעפאַלן אין געטאָ, האָבן אָנגעפאַנגען זוכן אַ שטיקל צימער ביי זיי אין די דירות. די יידן האָבן דאָס געטאָן מיט ברידערלעכ־קייט און צוזאַמען געשטופט זיך, בכדי אריינצונעמען די „פליטים”.. ס׳האָבן זיך געשאַפן גוטע שכנישאַפט, וואָס זענען, לײדער, פאַרבונדן געווען אויך צו איין גורל...

אויסער לאַנאָוויצער יידן זענען אויך געווען אין געטאָ משפחות פון ביאַלאָ־זאָרקע, פון קאַטערבורג און אויך פליטים פון אַנדערע שטעט פון פוילן, וואָס דער דייטש האָט פאַרנומען און זיי זענען אַנטלאָפן פון דאָרט צו דער רוסישער גרענעץ מיט האָפענונג צו באַקומען דאָרט אַ שוץ־אָרט.

דער פאַרקאַן פונעם געטאָ האָט זיך צעשפרייט פון יענקל גאכמאַן (פון די מצות) אין דער לענג פון גאַס, וואָס פירט צום בית־מדרש, אַרומנעמענדיק דעם בית־מדרש, די שול און ביז שמחה שניידערס שטוב, און פון דאָרט איז געגאַנגען דער פאַרקאַן רעכטס ביז מעכל גאָלענדער, פון דאָרט צו זלמן פרנס, ביז חיים הערש געלער און ווידער ביז יענקל גאכמאַן.

די אַלע הייזער, וואָס זענען געווען אויסער דעם פאַרקאַן, זענען געווען הפקר און נישט באַוווינט.

די שול האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַ סקלאַד פון תבואה. איז דער אונטער־שטער חלק אַריין אין געטאָ, און דער פראָנט, מיטן אַריינגאַנג, האָט געהערט צו דער פרייער וועלט. אַזוי, אַז די גרויסע שול איז נישט געווען פאַר די יידן, דאַקעגן דער בית־מדרש האָט אין גאַנצן געהערט צו די יידן און עס האָבן אַפילו דאָרט געוווינט איינציקע עלנטע, אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך צו פאַר־זאָרגן אַ פּלאַץ ביי עמיצן.

### די קאָנצענטרירונג אין געטאָ

צוויי טעג פאַר פּורים האָט מען אַלע יידן קאָנצענטרירט אין געטאָ. מ׳האָט פאַרמאַכט די טויערן פון געטאָ און אָוועקגעשטעלט אוקראַינישע פּאָליציי צום היטן. זיי האָבן נישט געטאָרט אַריינגיין אין געטאָ און די יידן האָבן נישט געטאָרט אַרויסגיין פון דאָרט. דאָס גאַנצע יידישע לעבן האָט זיך באַוועגט אין זייער אַ באַ־גרענעצטן שטח.

איידער מיר זענען אַריין אין געטאָ, האָבן מיר איבערגעפירט אַלע מעבל צו די גויאים, כדי זיי זאָלן אונדז ברענגען אַ ביסל עסן, ווען מיר וועלן זיך נויטיקן. אויסער דעם, האָבן די יידן נישט געטאָרט נעמען מיט זיך, אויסער אַ פּאָר שמאַטעס, עטלעכע קליידער, און בעטן. במילא וואָלט דאָס מעבל נישט אַריין אין דער ענג־שאַפט, וווּ מ׳האָט געוווינט, איז נישט געווען כדאי זיך איינשטעלן דאָס לעבן.

שפּעטער, ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט די גויאים און געבעטן עפּעס פאַרן מעבל, האָבן זיי אונדז בכלל נישט דערקענט, זיי האָבן בכלל אונדז אויסגע־מיטן.

אין די טעג פאַרן אַריין אין געטאָ, זענען פאַרגעקומען זייער פיל רויבן. די דייטשן האָבן געשלעפּט זילבער און גאָלד וויפל עס האָט זיך געלאָזט. זיי האָבן

געפּרעסט ביי ווען ס'איז נאָר געווען. אָבער דאָס האָבן זיי נישט געמאַכט פּרי־וואַט, נאָר לויט אַ באַפעל פון דער רעגירונג. ערגער איז געווען דער רויב פון די אוקראַינער. די גויאים, וואָס פלעגן קומען יעדע וואָך אין שטאָט און האָבן געקענט יעדן ייד און יעדע שטוב, און יעדן ווו ער האָט געוווינט, האָבן זיי באַנאַכט, ווען מיר פלעגן זיך צוזאַמענעמען, אַריין און גענומען וואָס זיי האָבן געוואָלט. ליידער איז נישט געווען פאַר וועמען זיך פאַרקלאָגן. אויך די דייטשן האָבן גערויבט פאַר זיך פּריוואַט אין די הייזער, וואָס די יידן האָבן פאַרלאָזט. זיי האָט געצויגן ספּעציעל צו גאָלד און צירונג.

איך געדענק אַן אָוונט פאַרן אַריין אין געטאָ, האָט מיין טאַטע באַשלאָסן צונע־מען מיט זיך אַ זאַק מיט טאַביק־בלעטער, ער זאָל האָבן וואָס צו רויכערן, כדי צו צעשטרייען די געדריקטע לגע אין געטאָ, וועלכע זיי האָבן ,ליידער, פאָראויס־געזען. פּלוצים איז אַריין אַ דייטש, האָט זיך אַרומגעקוקט, גענומען דעם זאַק און נאָך קליינע און טייערע זאַכן, און איז אַוועק.

צו מיר זענען אויך אַריין דייטשן און גענומען תבואות און נאָך אַנדערע זאַכן פאַר זיך.

דאָס זענען געווען פּריוואַט־רויבן פון די דייטשן, אָבער זיי זענען געווען שרעקלעך, ווייל דאָס זענען געווען די לעצטע זאַכן, וואָס זענען פאַרבליבן צום לעבן אָן אַ ביסל האָפענונג.

אַ פּאָר טעג נאָכן עקזיסטירן פונעם געטאָ, האָט נאָך ד"ר ליטוואַק געוווינט אויסערן געטאָ, אין זיין דירה, וואָס איז געווען אין פּוילישן פאָלקס־הויז.

אין איין פרימאָרגן האָט ער באַקומען אַ באַפעל איבערצוגיין אין געטאָ. ער האָט געבעטן, אַז מ'זאָל אים איבערפירן אין קרעמעניצער געטאָ. מ'האָט געזאָגט, אַז עס פּאַסט אים נישט, ווייזט אויס, דעם אינטעליגענט, צו זיין אין איין געטאָ מיטן „ערב־רב" פון לאַנאָוויץ, און אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָרט האָט ער חברים. ריכטער, דער נאַצי, האָט אים דאָס גלייך באַשטעטיקט און בכדי צו באַ־וויזן זיין העפלעכקייט, האָט ער אים געזאָגט, ער זאָל דינגען עטלעכע וואָגנס איבערצופירן זייערע זאַכן. ליטוואַק איז געווען זייער גליקלעך פון זיין שיינער באַציאונג און עס האָט זיך ביי אים אין האַרץ אויפגעוועקט האָפענונג. ווען די וואָגנס מיט די טייערע זאַכן און די מאָדערנע מעבל זענען איינגעפּאַקט געוואָרן, האָט ריכטער געגעבן אַ באַפעל אַוועקפירן דאָס צו אים און דעם דאָקטאָר מיט זיין פרוי און טאָכטער געהייסן פאָרן קיין קרעמיניץ. פאָרנדיק פון קאַטערבורג, האָב איך זיי באַגעגנט.

## דאָס אָרגאַניזירן פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין געטאָ

אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן דערוועקן פאַרשידענע פּראָבלעמען : אָרגאַ־ניזירן עסן פאַר ברויטלאָזע און ס'זענען נאָך געווען אַנדערע ענינים צו דערליידיקן פאַר נויטווענדיקטע. דאַן האָבן די דייטשן נאָמינירט דעם יודען־ראַט און די יידישע פּאָליציי, זיי זאָלן אויספירן פאַר זיי די אַרבעט אין געטאָ.

צו אונדזער מזל, זענען אונדזערע יידן פון יודען־ראַט נישט דורכגעפאַלן. אין שפּיץ פונעם יודען־ראַט איז געשטאַנען אַ ייד פון דייטשלאַנד. ער איז געווען ביי אונדז אַ פּליט. די לאַנאָוויצער חברים פון יודען־ראַט זענען געווען: בעניעק גורוויץ, מרדכי אַקערמאַן, (סוסיה בוכשטיינס מאַן), בונים ברימער, און נאָך צוויי, וועלכע איך קען זיך נישט דערמאָנען.

אין דער פּאָליציי זענען געווען: רפאל קאַרפּמאַן, (קאָמענדאַנט), מענדל קישקע, עזריאל בראַצקע, (זלמנס זון), יחזקאל ווייצמאַן, אברהם קרעפּער, לייבקע וויס, לייזער ראָזענבערג, (מיין ברודערס זון) און נאָך. אויך די געטאָ־פּאָליציי איז אויסגעשטאַנען ביי אונדז דעם פּרווו מיט ברודערלעכקייט און טראַגישער איינהייט, אויסער איינעם, וואָס איז דורכגעפאַלן, צוליב טפשית.

די ערשטע זאַך, וואָס דער יודען־ראַט האָט אָרגאַניזירט, דאָס איז געווען אַ קיך פאַר נויטבאַדערפטיקע. איר אויפגאַבע איז געווען צונויפצוקלייבן פון פאַרשידענע קוועלן פּראָדוקטן און אויסהאַלטן די גאָר אָרעמע מענטשן. די קיך איז געווען אין וואדאס הויז, די דייטשן פלעגן געבן אַ ביסל פּראָדוקטן און מיר פלעגן שאַפן דאָס איבעריקע און אַזוי האָבן מיר אַ ביסל אויפגעהאַלטן די אָרעמע און קאַנדידאַטן צום טויט, נאָך פאַר דער קאַטאַסטראָפע. און מיינט נישט, אַז ס'איז געווען אַזוי לייכט און פּשוט. יעדער טאָג לעבן־בלייבן אין געטאָ, היינט נאָך אַ טאָג האָפענונג און גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט און ווייניקער אַ טאָג פון ליידן אין אַ רעזשים פון רשעות, וואָס זיין סוף וועט אוודאי אַ מאָל קומען. עסן שול פאַרשידענע זאַכן און באַקומען פון די אוקראַינער, די וואָס האָבן געהיט דאָרט האָבן מענטשן געהאַט אַ ביסל פון זאַפּאַסן, אויסער דעם, פלעגן יידן ברענגען אין דעם מגאַזין פון תבואה, אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ ביסל תבואה, אַ שטיקל ברויט, פּאַסאָלעס, און נאָך אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס קענען ליגן.

די שול איז געשטאַנען העלפּט אין געטאָ, איז דאָרט געווען אַ מין שמוגלגרענעץ. די גויאים פלעגן אַריינברענגען די פּראָדוקטן דורך דער טיר, וואָס איז געווען אויסערן געטאָ און מיר פלעגן ברענגען די זאַכן צום בייטן, דורך דער אינעווייניקסטער טיר. אַזוי פלעגט מען בייטן, ביז ס'האָבן זיך געענדיקט די זאַכן.

## הונגער און טויט אין געטאָ

די ערשטע צייט, האָט מען באַקומען אַ פּוד קאַרטאָפל פאַר אַן אָנצוג. נאָכער איז די פּרייז אַראָפּגעפאַלן, ווייל די גויים האָבן זיך דערוווסט, אונדזער שלעכטע לאַגע, האָבן זיי אָנגעפאַנגען אונדז דריקן, געבן פּראָדוקטן, וואָס האָבן קיין שום ווערט נישט געהאַט און פאָדערן פאַר דעם ווערטפולע זאַכן. אין משך פון דער צייט, האָבן יידן געהונגערט נאָך אַ שטיקל ברויט און די צאָל שטאַרבנדיקע פון הונגער איז אין געטאָ געווען זייער גרויס.

דער פליכט פון יודען־ראַט אין אָרגאַניזירן דאָס ביסל עסן, איז איצט געוואָרן נאָך מער חשוב און שווערער פון טאָג צו טאָג. דער יודען־ראַט האָט אויך געדאַרפט איינאָרדענען די מענטשן, וואָס גייען צו דער אַרבעט, לויט דער ריי. איך וויס

נישט צוליב וואָס איז לאַנאָוועץ געווען אַ מיוחס, מ׳האָט פון איר געפאָדערט אַרבע־טער קיין ראָוונע און אויך אין דער סביבה.

די אַלע, וואָס זענען אַרויס צו דער אַרבעט, האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אַ מאָל אַריינצוברענגען אַ שטיקל ברויט און צוליב דעם, האָט יעדער געוואָלט גיין צו דער אַרבעט. אָבער די לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. אין געטאָ האָט מען קאָנצענטרירט מער פון 2.000 מענטשן. אויסער לאַנאָוויצער זענען אויך געווען ביאַלאָזאָרקער יידן, קאַטערבורגער, און פון די אַרומיקע דערפער. ס׳זענען אויך געווען פליטים פון ווייטע שטעט, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דאָרט, ווען די דייטשן זענען אַריין און געקומען צו אונדז, כדי צו זיין נאָענט צו דער רוסישער גרענעץ. ביי אונדז זענען זיי געבליבן שטעקן און נישט געקענט דורכ־רייסן די געשלאָסענע גרענעץ.

דער הונגער האָט אָנגעפאַנגען געבן זיינע רעזולטאַטן, קינדער זענען געשוואָלן געוואָרן און געשטאָרבן פאַר די עלטערנס אויגן און קיינער האָט נישט געקענט זיי העלפן. מענטשן האָבן זיך געזעגנט איינער מיטן אַנדערן, מיט דער איבער־צייגונג, אַז מאָרגן וועלן זיי שטאַרבן און אין געטאָ האָט געהערשט אַ שרעקלעכע פאַרצווייפלונג און אויסזיכטלאָזיקייט.

די דייטשן האָבן נישט געלאָזט באַגראָבן די יידן אויסערן געטאָ און מ׳האָט געמוזט באַגראָבן אויפן פלאַץ. ווער עס רעדט וועגן „קברות האחים", פאַרגעסט, אַז אין געטאָ אַליין איז דאָ אַ „קבר אחים". די מתים פלעגן מיר צוזאַמענעמען מיט די הענט אָן שום מעגלעכקייטן צו ברענגען זיי צו קבורה, לויטן יידישן דין און ווי עס דאַרף צו זיין. זייער זעלטן האָבן זיי דערלויבט צו באַגראָבן די מתים אויפן בית־הקברות. אָבער מיר האָבן נישט קיין כוח געהאַט צו טראָגן די קערפערס אַזוי וויט. איין פערד און איין וואָגן האָבן מיר סך־הכל פאַרמאָגט אין געטאָ, פלעגן מיר אַרויפלייגן די מתים און דאָס אומגליקלעכע פערד, וואָס איז געווען אין נישט קיין בעסערער לאַגע פון אונדז, האָט נעבעך געשלעפּט. דער בעל־עגלה איז געווען מיכל מאַטיסעס, אויפן בית־הקברות האָט מען אויסגעגראָבן קברים און דאָרט זיי מקבר געווען. די גליקלעכע האָבן זוכה געווען צו קבר ישראל און צו קנאה.

איך געדענק נישט, אַז מ׳זאָל באַוויינען אַ מת. אַלע קוואַלן פון טרערן זענען געווען אויסגעטריקנט. אַ מין גלייכגילטיקייט, האָט אונדז באַהערשט. מיר זענען געווען אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע, אָן קיין שום ווילן צום לעבן, צו קעמפן און צו עקזיסטירן.

אַ גרויס געוויין געדענק איך אין איין פאַל, אין יענער צייט, ווען ס׳איז דערטרינקען געוואָרן אהרון מילמאַנס און ריסעל ווייסמאַנס זון אין דער וואַסער־אָנזאַמלונג ביי דעם רבי, ר׳ אהרלי. ס׳איז איבער דאָרט אַריינגעפאַלן דאָס היטל, האָט ער זיך אָנגעבויגן און געוואָלט אַרויסשלעפּן דאָס, איז ער אַריינגעפאַלן און איז דערטרינקען געוואָרן. דאָס האַרץ האָט געפלאַצט צוקוקן דעם אומזיסטן קרבן. דאַן איז מען געווען געוווינט צו אַנדערע טויט־פאַלן און ווי כ׳האָב פריער געזאָגט, איז מען שוין געווען גלייכגילטיק און שוין נישט באַוויינט די טויטע. און דאָס

קינד האָט די גאַנצע שטאָט באַווײנט. דאָס איז געווען אַ קינד פון 12 יאָר אַלט, פול מיט לעבן און אַ זיס געראָטן קינד. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. וואָס האָט מען נאָך געקענט דאַן געבן אַ קינד, אויסער אַ ביסל טרערן.

## זעליג דער רופא, ראַטעוועט מיך פון טויט

איך בין פאַררעכנט געווען פאַר אַן ערד־אַרבעטער, איך בין געווען דערמיט אַ מיוחס. כ׳האָב געקענט אַרויסגיין אויסערן געטאָ און ברענגען פּראָדוקטן פאַר דער קיך פון מאָל צו מאָל, לויט די אָנווייזונגען פונעם יודען־ראַט און מיט דער דערלויבעניש פון די אוקראַינער.

איין מאָל, האָבן מיר געדאַרפט צושטעלן די דייטשן אַ האַלבן טאָן קאַרטאָפל. מ׳האָט זיי געדאַרפט ברענגען פון שומסק. בין איך צוגעפאָרן צו מיין געוועזענעם שותף, אַ גוי אַנדרושאַ, און געבעטן ביי אים זיינע פערד און געפאָרן ברענגען די קאַרטאָפל.

אויפן וועג פון שומסק האָב איך באַקומען אַ ביסל פּראָדוקטן, אויסער די, וואָס זענען געווען פאַרן געטאָ וועגן. כ׳האָב געוואָלט פּשוט אַ ביסל מחיה זיין מיין שווער מיט דער משפּחה אין שומסק און אַ ביסל אַהיים ברענגען פאַר מיין משפּחה אין געטאָ. כ׳האָב געהאַט אַ ביסל גרינע ציבעלעס, בעריקעס און מייערן.

קומענדיק צוריק אין געטאָ, איז דער טויער געווען פאַרמאַכט. שטענדיק איז דאָרט געווען איינער פון אונדזערע און איינער פון די אוקראַינער און זיי האָבן יעדן באַזוכט. דאָס מאָל איז געשטאַנען נאָר פון זייערע. מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט שלעכטס. כ׳בין אַראָפּ פונעם וואָגן, און זיי האָבן געזוכט און געפונען דאָס ביסל נעבעכדיקע גרינס. און וויפל איז דאָרט שוין געווען? באַלד האָבן זיי פאַרמאַכט דעם טויער פונעם געטאָ און דער וואָגן איז געבליבן אין דרויסן און מיך האָט מען גענומען אין ביוראָ פון דער פּאָליציי, וואָס איז געווען אין גאָלענדערס הויז, דאָרט האָבן זיך די שקצים (דווקא באַקאַנטע), געגעבן אַ נעם צו מיר און מיר אָנגעפאַנגען שלאָגן מכות רצח. זיי האָבן מיר צעקלאַפּט די זייטן, די הויט איז געווען אין גאַנצן אין בלוט. מיין קאָפּ איז געווען פאַרנעפּלט און כ׳האָב אויסגעבראָכן אַלץ, וואָס ס׳איז אין מיר געווען.

זיי אַליין האָבן זיך דערשראָקן פון זייערע מעשים און ווען רפאל קאַרפּמאַן איז אַרייַנגעקומען, האָבן זיי מיך אָפּגעלאָזט.

אינסטינקטיוו בין איך געלאָפן ראַטעווען מיין צעבראָכענעם גייסט. כ׳בין פאַרלאָפן ביז זלמן פּרנס און צו מיין שלימזל, האָבן מיר דאָרט באַגעגנט צוויי אוקראַינער און זיי האָבן מיר נאָך מער געשלאָגן, ווי זייערע חברים.

ווען כ׳בין אַרייַנגעקומען אין געטאָ, בין איך געווען שוין אין גאַנצן געשוואָלן, פאַרגאָסן אין גאַנצן מיט בלוט, פאַרשטומט און צעמישט.

זעליג ווייס (דער רופא) האָט זיך מטפל געווען מיט מיר, נישט אָפּגעטרעטן, ביז ער האָט מיך אין גאַנצן געזונט געמאַכט.

אין דער גאַנצער פאַרטראָגנקייט, האָב איך געדענקט, אַז כ׳האָב צוגעזאָגט

דעם גוי אָפּצוגעבן די פערד אין דער צייט, האָב איך געבעטן מיין שוועסטער שרה־יענטע, זי זאָל אָפּפירן די פערד. זי האָט זיך געקענט באַגיין מיט פערד און זי האָט די פערד אָפּגעפירט אַנדרושען.

*

דער געטאָ האָט עקזיסטירט אַ האַלב יאָר. ס'זענען געווען טעג, ווען דאָס לעבן איז אונדז נמאס געוואָרן. מיר האָבן נישט געזען קיין איין פונק פון האָפענונג. מענטשן האָבן געקוקט אויף זיך ווי פאַרמשפּטע צום טויט וואָס וואַרטן אויפן אויספירן דעם אורטייל. יעדן פאַרנאַכט איז מען געזעסן אויף די טרעפּ פון די שטיבער און מ'האָט געקרעכצט און געשוויגן. ס'איז נישט געווען וועגן וואָס צו רעדן און וועגן וואָס מ'האָט יאָ געקענט רעדן, איז נישט געווען קיין מוט. האָט מען אויסגעקליבן דאָס שווייגן. מ'האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט דאָס מויל אַנטדעקן, וואָס דאָס האַרץ פילט און ס'וועט זיך ענטדעקן אַ שרעקלעכער תהום.

מ'האָט געוווּסט, און נאָך ווי אַזוי געוווּסט, אַז דער טויט האָט דאָ נישט קיין אָפּהאַלט. דאָ איז עס די זיכערסטע זאַך, וואָס קיין כוח קען נישט שטערן. דאָס איז זיכער, אַז ער וועט קומען און מ'האָט נישט מורא געהאַט פאַר דעם טויט, נאָר אויפן וואַרטן אויף אים.

דאָס שרעקלעכסטע איז געווען די רעזיגנאַציע, דאָס אָנווערן דעם גלויבן. פרומע יידן, פאַנאַטיקער, זענען געוואָרן אויסגעליידיקט פון גלויבן, זיי האָבן נישט געדאַוונט, יעדנפאַלס נישט אין ציבור. געציילטע האָבן מקיים געווען די תפילה אין די שטיבער פאַר זיך אַליין. אַ פּאָר זענען געגאַנגען צום רב אהרליך און דאָרט מקיים געווען דאָס דאַוונען. אָבער דער רבי אַליין האָט נישט געדאַוונט. מ'האָט אויך נישט געהערט די אויסדרוקן, ווי „השם ירחם", ב„עזרת השם". ס'איז אויסגערינען דער קוואַל פון גלויבן. טאָ פון וואַנען האָבן זיי גענומען דעם כוח דאָס אויסצוהאַלטן ?

## קינדער, יוגנט און געזעלשאַפט אין געטאָ

דאָס האַרץ האָט געווייטיקט אויף די קינדער. די שעפּסעלעך האָבן געגלויבט אין כוח פון טאַטע־מאַמע און געלעבט אין דער אילוזיע, אין דער צייט וואָס זיי אַליין זענען געווען אַזוי אומבאַהאָלפן, זיי האָבן דאָס נישט געוווּסט.

די קינדער זענען געווען פריי צו דער נידערגעשלאָגנקייט. די טעג זענען געווען ליידיק אָן אַ שמייכל און זיי האָבן פאַרגעסן, וואָס הייסט שפּילן זיך. זיי האָבן נישט געוווּסט פון קיין צערטלעכקייט. מ'האָט אויך נישט געשריגן און בייז געווען אויף זיי. זיי זענען געווען אַרומגערינגלט מיט אַ ים פון גלייכגילטיקייט און אומ־אויפמערקזאַמקייט. זיי האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט די עלטערן. פאַריותמטע און הפקרדיקע זענען זיי געווען אין דער נאַקעטער גאַס, וואָס ס'איז נישט דאָרט געווען נישט קיין באַהעלטעניש און נישט קיין סוד. אַלץ איז אַזוי קלאָר און אויפגעדעקט. די סכנות דראָען און די קינדער שטייען אַנטקעגן זיי אָן שום שוץ,

אַפילו אין דער גרעסטער פאַנטאַזיע, האָבן זיי זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז עפּעס קען געשען אַ נס.

פריער האָט זיי שמואל מרגולית צוזאַמענגענומען און האָט זיי געלערנט פון קאָפּ, וואָס ער האָט געדענקט. שפּעטער האָט ער אויפגעהערט. יעדן טאָג איז אַן אַנדער קינד געשטאָרבן פון הונגער.

צוקוקנדיק זיך צו די קינדער אין געטאָ, איז נמאס געוואָרן דאָס לעבן.

די יוגנט איז געשטאַנען אין די ווינקלען נאָר, כ׳ווייס נישט וועגן וואָס האָבן גערעדט די ייִנגלעך מיט די מיידלעך, וואָס זייער האָפענונג צו לעבן איז געווען האָפענונגסלאָז. זיי זענען אַרומגעגאַנגען ווי שאָטנס. די פראַגע פון צוציִאונגס־קראַפט פון ייִנגל צו אַ מיידל האָט בכלל נישט עקזיסטירט. אַלע זענען געווען גלייכגילטיק צו דעם און צום לעבן אוודאי. זעלטן ווען, מ׳האָט געזען אַ פּאָרל, וואָס האָט אַ ביסל פאַרזיסט דעם ביטערן לעבן.

אַלע האָבן זיך געשטופּט צו זיין מיט דער משפחה. אַ מינוט׳ האָט אַ צי געטאָן צום מיידל, אָדער צום ייִנגל, אָדער צו חברים. אָבער באַלד איז מען צוריק אַריין אין שטוב, צו דער משפחה אין דעם אומגליקלעכן צימער, טאָמער, חלילה, וועט מען פאַרשפּעטיקן זעען דעם גאַנצן פּראָצעס פון פאַרניכטונג פון זייערע טייערע, טאָמער וועלן זיי גיין דאָ, אָדער דאָרט, און דערווייל וועלן זיי נישט בלייבן.

די טראַגעדיע האָט זיך אויסגעדריקט אויך אין דעם, וואָס מ׳האָט נישט געהאַט קיין נייגונג צו רכילות. אין געטאָ איז נישט געווען קיין רכילות. קיינער האָט נישט אין זינען געהאַט קיינעם, נישט קריטיקירט איינער דעם צווייטן און נישט אָפּגע־לאַכט. דאָס האַרץ האָט נישט דערלאָזט זיך וויצלען אויף יענעמס חשבון אין דער צייט, ווען ער איז פאַרמשפּט צום טויט, אַז ער איז אומגליקלעך.

צום אָנפאַנג האָט מען נאָך געפּרוווט אַ ביסל דערמאָנען די גרויסע ליבע פון שמואליק קופּיעץ צו גיטל קאָגאַן, אייזיק קופּיעץ צו ביינבלאַטס טאָכטער. וועגן בעניעק גורוויץ, אַז ער האָט ליב געהאַט צו זיין אין געזעלשאַפט פון בערצ׳יקס אלמנה. אָבער דאָס אַלץ האָט מען גערעדט מיט פאַרשטאָפּטע הערצער.

## דער דורכפאַל פון רפאל קאַרפּמאַן

איין מאָל האָב איך געבראַכט מעל אין געטאָ. דורך אַ נס, איז מיר געלונגען אַריינצוברענגען דאָס מעל. רפאל קאַרפּמאַן האָט דאָס באַמערקט און געפאָדערט פון מיר אויסלייז־געלט און ווען איך האָב נישט מסכים געווען, האָט ער דאָס דער־ציילט איינעם פון זיינע אוקראַינישע חברים. מ׳האָט מיך גלייך גענומען אין דער אוקראַינישער פּאָליציי און מ׳האָט מיך געשלאָגן ביז צום טויט. זיי האָבן מיך אָפּגע־לאָזט, ווען זיי האָבן געזען, אַז כ׳בין שוין אַ פאַרחלשטער, און כ׳קען זיך שוין נישט העלפן. אונטערן באַוווסטזיין, האָב איך מורא געהאַט צו בלייבן דאָרט, אפשר וועלן אָנקומען אַנדערע און וועלן באַנייען דאָס שלאָגן. אָבער כ׳האָב זיך נישט געקענט רירן פון פּלאַץ.

אויף מיין מזל, האָבן דאָרט, אין דער פּאָליציי, געאַרבעט בראַנדל בוכשטיין

און גיטל ברימער. זיי בײדע האָבן מיך געראַטעוועט. זיי האָבן מיך אַוועקגעפֿירט אין געטאָ, דאָרט בין איך געקומען צו זיך און געבליבן לעבן.

שפּעטער איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אײגנטלעך איז רפאל נישט אויסן געווען מיר שלעכטס צו טאָן, ער האָט פּשוט זיך אָפּגערעדט פֿון האַרץ פֿאַר זײַן פֿרײַנד, אַז מ׳באַגײט זיך מיט אים נישט גוט, כלומרשט, אַזוי, אַז דער אוקראַינער האָט געפֿונען פֿאַר נויטיק אַלס פֿרײַנד, נעמען פֿאַר אים נקמה.

## מ׳ליקווידירט דעם געטאָ

שבת פֿאַר ראש־חודש אלול אין 1942, האָבן מיר פּלוצים געזען אַ נישט געוויינלעכע באַוועגונג פֿון פּאָליציי, אוקראַינער און דײַטשן מיט הונט און זיי דרייען זיך לעבן געטאָ.

די הינט האָבן אויסגעזען, נישט ווי הינט, נאָר ווי ווילדע חיות, זיי האָבן זיך געריסן און געוואָלט באַפֿרײַען זיך פֿון די האַלדז־קייטן, וואָס די דײַטשן האָבן זיי אָנגעטאָן. זייער כאַרקען האָט געוועקט א מורא און אַרויסגערופֿן אַ ציטער. די דײַטשן האָבן מיט זיי מלחמה געהאַלטן. אַזעלכע הינט זענען דאָס געווען. מיר האָבן געפֿילט, אַז אַלץ איז שוין גרייט צו עפּעס, זיי וואַרטן נאָר אויף אַ באַפֿעל.

דער געטאָ איז געוואָרן אַרומגערינגלט מיט אַן ענגן גאַרטל פֿון געפֿאַר.

מיר האָבן געוווסט, אַז דאָס מאָל ענדיקט זיך אַלץ. אין משך פֿון 5 טעג האָבן די אוקראַינער געגראָבן גריבער לעבן בית־הקברות, 3 גרויסע קברים האָבן זיי אויסגעגראָבן. מיר האָבן זיך דערוווּסט פֿון דעם דורך די אוקראַינער אַליין. זיי זענען געקומען אין געטאָ און מיט גרויס שמחה אונדז געבראַכט די בשורה. ברענגען אַ שלעכטע בשורה פֿאַר יידן האָבן זיי אַלע מאָל געטאָן מיט גרויס פֿאַרגעניגן.

די טיף פֿון די גריבער האָבן מיר נישט געוווּסט. ווי זיי האָבן דערציילט, האָבן הונדערטער מענטשן געאַרבעט ביים גראָבן די גריבער. אייזערנע גראָבלעס האָבן גערייניקט די גריבער און צענדליקער פֿאָר פֿערד האָבן געשלעפּט די ערד.

מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם אויף דעם צווייטן טאָג. די אוקראַינער האָבן דאָס דערציילט מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט. אָבער פֿאַר אונדז זענען איבערגעגאַנגען 3 שרעקלעכע טעג, פֿול מיט פּחד און שרעק, נישט צום באַשרייבן.

מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אַזאַ צייט אין ענגשאַפֿט און האָבן אַזוי שרעקלעך געליטן, האָבן געהאַלטן זיך ווי ברידער, געטיילט זיך מיטן ביסן, זענען פּלוצים געוואָרן ווי חיות. מ׳האָט נישט גערעדט איינער מיטן צווייטן קיין גלייך וואָרט, אָדער מ׳האָט בכלל נישט גערעדט. איינער האָט געשטערט דעם צווייטן. דאָס רעשטל יידן, וואָס זענען געווען, האָבן אָנגעהויבן אַרומלויפֿן פֿון פּלאַץ צו פּלאַץ אָן אַ ציל, מ׳איז סתם אַרומגעלאָפֿן. מ׳האָט נישט געהאַט וואָס צו מאַכן. זיי האָבן געוווּסט, אַז די וועלט איז פֿאַר זיי פֿאַרשלאָסן. ס׳איז שווער צו געבן צו פֿאַרשטיין דאָס וואַרטן אויפֿן טויט, אויף אַ זיכערן טויט. די 3 טעג זענען געווען לענגער ווי 3 יאָר.

די דײַטשן האָבן שוין אויף אונדז קיין אַכט נישט געלייגט. די אוקראַינער האָבן אויף אונדז געקוקט, ווי אויף טויטע קערפּערס, וואָס דרייען זי נאָך אַרום

און רעגן זיי אויף מיט דעם, וואָס זיי אָטעמען נאָך. מיר זענען שוין יעדן געווען איבעריק. זיי האָבן נישט געוואָלט מ'זאָל זיי שטערן אין מיטן דער גרויסער שמחה פון הרגענען יידן. אַזאַ פשוטע אַרבעט און אַזאַ גרויסער פאַרגעניגן.

מעגלעך דערפאַר, ווייל כ'בין אין דער יוגנט געווען אַזוי שטאַרק און זיך נאָך אַ ביסל געהאַלטן און מיין לעבנס־ווילן האָט נאָך געלעבט אין מיר, האָב איך ניט געקענט משלים זיין מיט אַזאַ סוף. — ס'האָט זיך געוועבט ביי מיר אַ געדאַנק צו אַנטלויפן, צו ראַטעווען זיך. כ'בין אַרומגעלאָפן גלייך מיט אַלע, ווי אַ חיה אין אַ שטייג, כ'האָב זיך אַליין נישט געקענט פאָרשטעלן, ווי אַזוי וועל איך אַנטלויפן. כ'האָב אויך נישט געקענט מיט קיינעם רעדן דערפון. כ'האָב מצליח געווען צו אַנטלויפן קיין באַרשטשיווקע, און דאָס איז געווען אַ צופאַל. זיי האָבן געוווסט, אַז איך מעג זיך באַוועגן אַלס ערד־אַרבעטער, כ'בין אַרויס פון געטאָ, ווי אין אַ געוויינ־לעכן טאָג און כ'בין אַוועק.

מיין שוועסטער מרים, איז געשיקט געוואָרן אַרבעטן אין אַ פאָלוואַרק אויסער דער שטאָט, נאָך פאַרן אָפּשליסן דעם געטאָ און זי איז נישט צוריק געקומען פון דאָרט.

זי איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

דאַקעגן האָט שרה־יענטע נישט געקענט אַרויסבאַקומען זיך פון דאָרט. ביזן לעצטן טאָג, האָט זי געאַרבעט אין ביוראָ און בשום־אויפן האָט זי נישט געקענט אַוועק פון דאָרט. דאָרט איז געווען אַן אוקראַאינער מיליציאַנט — אַ בילד שיינער און ער האָט זיך פאַרליבט אין איר. זי איז געווען אויסערגעוויינלעך שיין. ער האָט באַשלאָסן זי צו ראַטעווען. מיט איינשטעלן זיין לעבן, האָט ער זי געבראַכט צו זיך אין שטוב, נאָענט קיין בילאָזאָרקע. ווען נישט דאָס, וואָס ס'האָט געדראָט איר אייגענעם מאַן מיט טויט־שטראָף, וואָלט זיין פרוי זי איבערגעגעבן, ווייל זי האָט אים חושד' געווען, אָבער זי האָט עס נישט געטאָן. דאָך האָט ער זי איבערגעפירט אין אַן אַנדער דאָרף און זי איינגעאָרדנט ביי זיין שוועסטער. ער האָט איר איינ־געשאַפן פאַפּירן אַלס אוקראַאינערין און זיין שוועסטער האָט ער דערציילט, אַז זי איז אַן אָרעם מיידל — אַן אוקראַאינקע, וואָס איז געבליבן אַ יונגע יתומה.

חדשים איז זי אַרומגעגאַנגען אין דאָרף אַ פרייע, צוזאַמען מיט אַלע מיידלעך. זי האָט גערעדט אוקראַאיניש, ווי זיי. איין טאָג איז זי געגאַנגען אין מיל מאָלן אַ ביסל תבואה פאַרן בעל־הבית. אויפן וועג האָט זי באַגעגנט אַ לאַנאָוויצער פּאָלי־ציאַנט, וואָס איז געווען צו גאַסט אין דאָרף. ער האָט זי באַלד דערקענט. פון אָנפאַנג האָט ער נישט געגלויבט, אַז דאָס איז זי, אָבער ער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו איר און אַנטדעקט, אַז זי איז אַ יידישע. ער האָט זי גענומען קיין בילאָזאָרקע און דאָרט אויף דעם בערגל פאַר דער שטאָט, האָט ער זי געהרגעט.

### כ'בין געקומען אין געטאָ נאָך דער ליקווידאַציע

אין באָרשטשיווקע בין איך געווען אַ טאָג. פון דער ערשטער מינוט האָב איך נישט גערוט. כ'האָב געזוכט אַ וועג צו ראַטעווען מיין משפחה. ביי נאַכט בין

איך אַרויס קיין לאַנאָוויץ און פּרובירט עפּעס טאָן. כ׳בין געקומען אין געטאָ אויף סכנות נפשות. מיין פרוי האָט זיך שרעקלעך דערשראָקן. זי האָט געמיינט, אַז מ׳האָט מיך אומגעקערט און געפּייניקט. מיר זענען אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, נאָר געטראַכט ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. מיר האָבן באַשלאָסן, איך זאָל ווידער גיין אַליין. כ׳האָב גענומען מיט זיך די קנעפּלעך, וואָס זענען געווען צוגענייט צו דעם לעצטן קליידל פון מיין פרוי. דאָס זענען געווען גאָלדענע מטבעות, וואָס זי האָט זיי איבערגעצויגן מיט שטאָף, און מיט זיי האָב איך געדאַרפט איבערקויפן אַ גוי, ער זאָל זיי ראַטעווען. כ׳האָב זיך ווידער ארויסגעגנבעט, אָבער איצט בין איך אַוועק קיין גריבאָווע, צו אַנדרושאַן. די מאַכט איז געווען אַ גאָס־רעגן, כ׳בין געגאַנגען דורך פעלד מיטן באַוויסטן נאָמען „דעם זיידנס שטיקל", אַזוי פלעגן מיר דאָס רופן. דער טייך, וואָס האָט אַרומגערינגלט דאָס אינדזל, האָט זיך צעגאָסן איבער די ברעגעס און איך בין נאַס געוואָרן ביז די ביינער.

קומענדיק קיין גריבאָווע, בין איך אַריין אין דער סטאָדאָלע ביי אַנדרושאַן און דאָרט זיך באַהאַלטן. אין דער פרי האָט מיך אַנדרושאַ אַנטדעקט. ער האָט מיר גלייך געגעבן אַנדערע קליידער. איך האָב אים נישט אָפּגעלאָזט, נאָר ער זאָל מיר געבן אַן עצה, ווי אַזוי צו ראַטעווען מיין משפחה. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זוכן אַ וועג ווי זיי צו ראַטעווען. דאָנערשטיק איז אַנדרושאַ צוריקגעקומען און מיר געבראַכט די בשורה, אַז מ׳האָט שוין אַלע אויסגעהרגעט.

כ׳האָב אויסגעבראָכן מיט אַ שרעקלעך געוויין. כ׳האָב נישט געקענט איינהאַלטן זיך און כ׳האָב נישט געקענט גלויבן, אַז אַלע מיינע טייערע לעבן נישט מער. כ׳האָב באַשלאָסן, אַז כ׳מוז זיך איבערצייגן מיט די אייגענע אויגן. כ׳בין אַוועק אין דער פינצטערער נאַכט אין געטאָ..

דער געטאָ איז געווען אָפן, ליידיק, שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם. מ׳האָט געקענט הערן דורכפליען אַ פליג. כ׳בין אַריין צו אַ געוועזענע שכנה, לוצקיס ווייב. זי האָט באַשטעטיקט אַלץ, וואָס אַנדרושאַ האָט מיר דערציילט. אַלע יידן פון געטאָ האָט מען אַרויסגענומען און געפירט אויפן בית־הקברות, אונטער אַ שטרענגן אויפזיכט פון מענטשן מיט הינט. און זיי האָבן געפירט צום נייעם בית־עולם. דאָרט האָט מען זיי געגעבן אַ באַפעל זיי זאָלן זיך אויסטאָן אינגאַנצן נאַקעט. אויסגעשטעלט זיי לויטן עלטער און צעטיילט, מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. אַוועקגעשטעלט זיי לעבן דריי אָפענע גריבער און זיי געשאָסן. זיי זענען אַריינגעפאַלן גלייך אין די גריבער, ווי זי האָט געזאָגט, אַז מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער און קינדער באַזונדער. טעג האָט זיך די ערד געהויבן, אַ סימן, אַז נישט אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן פלאַץ. און די קרבנות האָבן זיך נאָך אין גרוב געראַנגלט מיטן טויט.

נאָך דער שוידערלעכער נאַכט און נאָך דעם טאָג פון מאָרד, זענען נאָך געבליבן 40 יידן, וואָס דער גוי מאַנטוך, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ וואַלד־רויבער, דער חסיד אומות העולם, וואָס איז אַ מאָל געווען ר׳ עוזיאל ראַבינס אַ פּאַרטרוי־אונגס מענטש, האָט זיי אָפּגעראַטעוועט.

צווישן די 40 יידן זענען געווען: יענקל סאַמבירער, אברהם קרפער, חיים פינטש, מיכל קרעפּער, און נאָך אַנדערע יידן, מערסטן טייל מענער, חנא ראובנס טוכמאַנס זון איז אויך געבליבן לעבן. זיין פאָטער האָט אים באַהאַנגען מיטן גאַנצן גאָלד און געלט, וואָס ער האָט געהאַט, און אים אַוועקגעשיקט צו זיינע ידידים קיין גריבאָווע. זיי האָבן צוגערויבט ביי אים דאָס געלט מיטן גאָלד און אים צוריק אַוועקגעפירט אין געטאָ און דאָרט האָט מען אים גלייך מיט אַלע געהרגעט.

משה קערנער האָט זיך באַהאַלטן ביי צ׳רנין. ער האָט אים באַצאָלט גוט געלט, אָבער נאָכן באַקומען דאָס געלט, האָט ער אים אַרויסגעטריבן און די באַנדעראָווצעס האָבן אים לעבעדיק אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב, וואָס האָט געדינט פאַר אַ קלאָזעט און אַזוי טראַגיש און מיאוס האָט ער געענדיקט זיין יונג לעבן.

מענטוכן, דעם גוטן גוי, האָט אויך עמיצער געמסרט. איז מען גלייך געקומען, אַרויסגעשלעפּט די באַהאַלטענע יידן און זיי אַוועקגעפירט אין געטאָ צוריק און דאָרט זיי געהרגעט מיט אַלע צוזאַמען.

דער פאַל פון משה קערנער האָט מיך אָפּגעשראָקן. זי האָט אויך באַשטעטיקט, אַז קיינער איז נישט געבליבן פון מיין משפחה. כ׳בין אַוועק פון איר אין מיטן דער נאַכט און געלאָפן קיין קראסנאליק צו מיין טאַטנס אַ פריינד, מיטיאַ, האָט ער געהייסן. דאָרט האָט זיך באַהאַלטן מיין שוועסטער אידיס שלום סגלס פרוי און גאָלדע מיילמאַנס מאַן. ער האָט דערציילט, אַז מיין טאַטע האָט ביי אים געלאָזט זאַכן און דאָס האָבן זיך די באַנדעראָווצעס דערוויסט און געקומען ביי אים פאָדערן ירושה, ער זאָל זיך טיילן מיט זיי מיטן „פאַרמעגן”. לויט ער דערציילט, האָט ער זיי שוין אַלץ אַוועקגעגעבן און דאָך גלויבן זיי אים נישט, זיי האָבן אים געוואָרנט, אַז זיי וועלן ביי אים זוכן און אים הרגענען. ער האָט ווידער אונדז געהייסן גיין. ער האָט אונדז פשוט אַרויסגעטריבן. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום בעטן. ער האָט איבערגעלאָזט גאָלדעס מאַן מיט דער מחשבה, אַז ער וועט אים חתונה מאַכן מיט זיינער אַ טאָכטער. שפּעטער האָבן זיי אים אַליין געהרגעט.

עזריאל גורוויץ האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ גוי מער ווי אַ יאָר נאָכן געטאָ. ער איז איבערגעגאַנגען פון איסקאָוויץ קיין רינקיוויץ. דאָס איז געווען אין טאָג פון גויאישן נייעם יאָר. אויפן וועג האָט ער אָנגעטראָפן אויף באַנדעראָווצעס און זיי האָבן אים געהרגעט. זיין קערפּער איז געבליבן ליגן אין פעלד פאַר די הינט...

✶

כ׳בין געלאָפן ווייטער און אָנגעקומען צו אַ שטונדיסט, דערציילט אים דעם גאַנצן אמת, דערציילט אים, וואָס מיטיאַ האָט אונדז געטאָן. ער האָט אים געקענט און ער האָט געוויסט די סכנה, וואָס דראָט אים. איך האָט אים געזאָגט, אַז כ׳וויל נאָך לעבן. ער האָט מיך אויסגעהערט און פאַרשטאַנען מיין ביטע. האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער מוז זיך באַראַטן מיט די חברים. איך בין דערשיטערט געוואָרן הערנדיק דאָס. דאָך האָב איך אים געגלויבט. אפשר צוליב דעם, ווייל כ׳האָב נישט געהאַט קיין ברירה, אָדער אפשר צוליב דעם, ווייל כ׳האָב געוויסט, אַז ער איז אַ שטונדיסט.

ער האָט צוזאַמענגערופן אַ זיצונג, איך בין געווען דערוויל באַהאַלטן ווייט פון דער שטוב. כ'האָב נישט געהערט צי מ'האָט גערעדט עפּעס אויף דער זיצונג, צי האָט מען גערעדט וועגן מיר. זיי האָבן געדאַוונט, ווי שטענדיק, זייער תפילה, וואָס זיי שאַפן זי אויפן פּלאַץ, יעדער מיט זיין נוסח. נאָכן דאַוונען זענען זיי זיך צעגאַנגען. ער האָט מיך גערופן און געזאָגט, אַז איך קען בלייבן ביי זיין שכן, זיינער אַ גוטער חבר.

ביי נאַכט האָט מיין בעל־חסד געהערט טריט אונטערן פענצטער. ער האָט גלייך געוויסט, אַז דאָס איז מיטיאַ. ווען מ'האָט מער נישט געערט קיין טריט, איז ער אַרויס אין דרויסן און בודק געווען צי ס'איז שוין קיינער נישטאָ און איז צוריק אַריין אין שטוב. פון דער נאַכט אָן, אָט ער געקריגן פּחד און זייער געוואָלט פּטור ווערן פון מיר. כ'בין נאָך געבליבן 3 טעג ביי אים און דאַן אָט ער מיר געהייסן גיין.

כ'האָב געוואַנדערט — יעדן טאָג אין אַן אַנדער סטאָדאָלע, ביז כ'בין געקומען צו איין גוי, אַ צדיק. ער האָט מיך דערקענט. דאָס איז שוין געווען 8 מאָנט נאָכן ליקווידירן דעם געטאָ. דאָך האָבן די מערדער נאָך געזוכט יידן. די געציילטע, וואָס זענען געבליבן, איז זיי געווען אַ שאָד צו לאָזן לעבן. אַזוי, אַז ערשט דאַן איז געווען אַ סכנה צו באַהאַלטן אַ ייד. דאָך האָט ער זיך איינגעשטעלט און געהאַלטן מיך אין אַ גרוב, וואָס ער האָט אויסגעגראָבן פאַר מיר. ער איז געווען אַ שטונ־דיסט. מיינער אַ באַקאַנטער פון יאָרן. קלים איז געווען זיין נאָמען. ביי אים בין איך געווען, ביז די רוסן זענען אַריין — אַזְ ערך פון 11—10 מאָנאַט און כ'האָב זיך געראַטעוועט.

די גאַנצע 11 מאָנאַט האָט דער גוי געזאָרגט פאַר מיר, געבראַכט עסן און טרינקען. כ'האָב געוויסט זיין לאַגע און כ'האָב אים געוואָלט העלפן. כ'בין יעדעס מאָל אַרויס זוכן אַרבעט. אַלס קריסט, האָב איך באַקומען אַרבעט פאַר עסן און שלאָפן. און שטענדיק בין איך צוריקגעקומען צו קלימען. דער טייערער גוי האָט מיך געוואַשן און זיך אָפּגעגעבן מיט מיר, ווי מיט אַן אייגענעם ברודער. געבראַכט מיר יעדעס מאָל ריינע וועש, און אַלץ האָט ער געמאַכט באַהאַלטן, קיינער זאָל נישט באַמערקן. אויך נישט זיין פרוי און עלטערן. זיי האָבן נישט געוויסט פון מיר. דאָס איז געווען אַ גוי מיט אַ גרויסער נשמה. ליידער זענען אַזעלכע געווען ווייניק.

ווען די רוסן זענען געקומען אין 1944, האָבן זיי מיך גענומען אין דער רויטער אַרמיי.

נישט לייכט איז מיר געווען געזעגענען זיך מיט מיין ברודער און בעל־חסד, דער, וואָס האָט געראַטעוועט מיין לעבן. מיט אַ צעבראָכן האַרץ, בין איך אַוועק פון אים מיט קושן און ברכות פאַר אַ בעסערער וועלט אין דער צוקונפט.

מאיר בעקער
(בערלין)

# כ׳בין אנטלאפן פון געטא לאנאוויץ
## (א קינד דערציילט)

**די צען ערשטע**

א קינד בין איך דאן געווען, א יאר 13 אלט ווען די דייטשן זענען אריין צו אונז. לאנאוויץ האט פריער געגוססט עקאנאמיש און קולטורעל־יידיש ווען די רוסן זענען דא געווען, אונזערע עלטערן זענען דאן געווען דערשלאגן און פארצווייפלט, אבער פאר אונז קינדער האב זיי נישט געשפארט מיט צעטרויונג, זיי האבן געמאכט טאנץ־אווענדן, קינדער־ און־יוגנט־קלובן, מוזיקאלישע ארקעס־טערס און פלוצעם איז אלעס פארשוואונדן און פארשוויגן.

מיט׳ן אוועקגיין פון די רוסן איז די שטאט אויך געווארן ליידיק פון יוגנט. די אקטיווע יוגנט איז אוועק מיט זיי. ס׳זענען געבליבן נאר קינדער און אלטווארג. אזוי שפיגלט זיך אפ אונזער שטעטיל אין מיינע קינדער אויגן דאן.

מיט די דייטשן אין 1941, האבן די יידן געדענקט וועלן זיי טאקע פערזענליך ליידן, דערצו זענען זיי דאך געווינט, דערפאר אבער, האבן זיי געהאפט, וועט דאס רעליגיעזע און יידישלעך לעבן זיך אומקערן ווי געווען און זיי זענען כמעט ווי צופרידן געווען מיט דעם רוסישן רוקטריט.

אין לויף פון געציילטע טעג אבער האבן זיי געזעען, אז זיי האבן געהאט א טעות.

צווישן די דייטשן איז געווען איינער מיט׳ן נאמען ריכטער, א גוי א סאדיסט, וואס האט זיך געקוויקט מיט יענעמ׳ס יסורים און ליידן. ער איז ארומגעגאנגען אין די גאסן און געשלאגן יעדן יידן, וואס ער האט אנגעטראפן טויט קלעפ. ריכטער האט מיט זיך און מיט זיין אויפפירונג אנגעזאגט, אז יידן זענען געווארן הפקר און שוצלאז.

דעם ערשטן שבת האבן די דייטשן באלד ארעסטירט צען יידן, אריינגעווארפן זיי אין טורמע, וואס זיי האבן געמאכט ביי פיניע בוכשטיין אין קעלער־געוועלב אָן אורזאך און אָן געריכט.

צווישן די צען זענען געווען מאטעל (מלמד) שפייזמן, עוזר יידל קיסקיווי־צער׳ס, איצי מלמד, משה קופעץ און עוזיאל רבין מער ליידער געדיינקך איך נישט. דאס זיינען געווען פון די טייערסטע יידן אין שטאט און זייער ארעסט האט דערדריקט די יידן ביז פארצווייפלונג.

**דער געטא**

דעם 28.2.1942 האט מען אויפגעשטעלט דעם געטא אין לאנאוויץ, יידן אליין האבן אים אויפגעשטעלט אונטערן אויפזיכט פון די אוקראינישע פאליציאנטן,

כ׳וויס נישט פון וואנען מ׳האט גענומען מאטעריאל צום אויפשטעלן אים, אבער כ׳געדענק אז מ׳האט געשלעפט ברייטער פון אלע גאסן. אין לויף פון א פאר טעג איז דער געטא געשטאנען.

א האלץ־מויער איז דאס געווען, פארשפארט און פארשלאסן, פון 2 ביז 4 מעטער הויך און אלע לאנאווצער יידן זענען אהין אריינגעקוועטש געווארן.

אויסער אונז זענען שוין אין די ערשטע טעג פון געטא געבראכט געווארן יידן פון בילאזערקע, קאטערבורג און א טייל פון קרעמעניץ און אריינגעדרוקט געווארן אין געטא. סזיינען אויך געווען פליטים פון רוסלאנד פוילן פון פויליש־דייטשישער גרענעץ וואס זיינען פריער אנטלאפן צו אונז גלויבנדיק, אז אער וועט דער דייטש נישט אנקומען.

אין געטא זענען אריין די גאסן טארגאווא (רפאל קארפמאנס און בנימין ישפה׳ס שטיבער) פון דארט האט ער זיך געצויגן צו חנא ראובן טייכמן, יוסיל טעווערמאן (צאן) און ישעיה וויטעלשטיין. (אין דער אלטער שולע איז געזיצן די יידשע פאליציי) די אגראדאווע גאס און די גאס פון משה שטיינבערג (דער קרומער) ביז מיכל גאלענדער.

די צאל צימערן אין די גאסן איז געווען א קליינע און אין יעדער דירה האבן זיך צוזאמענגעדריקט פון 5 ביז 6 משפחות, אן ערך פון 25 מענטשן אין דורכשטניט.

אין געטא אריין האבן יידן געמעגט אריינגעמען נאר וואס זיי האבן געקאנט נעמען אין די הענט, ס׳האט זיך געשאפן א לאגע, אז גאנצע משפחות האבן נישט געהאט אויף וואס צו שלאפן, וואס צו עסן און דאס עסן, וואס זיי האבן מיטגע־נומען האט געקלעקט קום אויף 1־2 וואכן.

פון ערשטן טאג אן אין געטא האבן יידן געליטן הונגער. מיט דער צייט זענען מענטשן געשוואלן געווארן פון שפייזלאזקייט און געשטארבן פון הונגער. טאג איין טאג אויס זענע מענטשן געשטארבן. איינער אין די אויגן פון צווייטן, א מאן פארן ווייבס אויג, א ברודער פארן ברודער און קיינער האט נישט געקאנט העלפן.

לויט די באפעלן וועלכע מ׳האט אויסגערופן יעדן טאג פונדאסניי האט מען נישט געטארט ארויסגיין פון געטא און נישט אריינגיין אין אים, אויסער דאס גיין צו דער צוואנגס ארבעט און צוריק פון איר.

נאך א פאר וואכן האט מען באפוילן, אז ס׳איז פארווערט די באוועגונג אויך אין געטא אין די אווענט און נאכט שעה׳ן. אייגנטליך האט עס גארניט געזאגט, אבער דאן אין געטא איז די איינציקע צעשטרויונג פארן ייד געווען דאס גיין אין די גאסן פון געטא, זען מענטשליכע פנימער, כאפן א שמועס. אבער ווען דאס איז אויך פארבאטן געווארן איז דאס לעבן פארשווערט געווארן אינגאנצן. דערצו זיינען די אוקראינער געשטאנען אויף דער וואך מ׳זאל חס וחלילה נישט שטערן דעם באפעל.

מיט׳ן אויפשטעלן דעם געטא האבן די דייטשן אנגעהויבן נעמן יידן צו ארבייטן אויסער דער שטאט. יעדן טאג זענען ארויסגעגאן צענדליקער מענער און יונגלעך צו דער ארבעט, פאר וועלכער מ׳האט געקריגן שטארקע קלעפ נישט קריגענדיק אפילו א שטיקל ברויט צום עסן.

פאר זייער באקוועמליכקייט וועגן האבן די דייטשן געשאפן דעם יודנראט. איך געדענק נאך אפילו די אקטיווסטע פון זיי. ס׳איז געווען ירוחם פורמאן (בער אברהם משה׳ס) אברהמוב א קאטאוויצער פליט און א ייד א דייטששער, וואס מ׳האט גערופין דער דייטש, ער האט געוווינט ביי לייבל צאלקיס פאר דער דייטשישער אקופאציע.

דער יודנראט האט געמוזט צושטעלן ארבעטס קרעפטן פאר די דייטשן און זייער לאגע איז געווען אונערטרעגלך. די דייטשן האבן ארגאניזירט א יידישע מיליץ, וואס האט געזאלט העלפן דעם יודנראט צווינגן יידן ארויסגיין צו דער ארבעט אדער זיי זאלן פון מאל צו מאל באצאלן געלט־קאנטיגענטן. כופר נפש וואס די דייטשן האבן ארויפגעלייגט אויף לאנאוויץ יעדנס מאל.

איינמאל האבן די דייטשן געפאדערט א קאנטיגענט פון „שיינע יונגע מיידלעך״, אונזערע יידעלעך, טייערע אונזערע עלטערן האבן פארשטאנען וואס דאס באדייטעט און האבן פארגעלייגט די דייטשן א גרויסן אפצאל, כדי אויסצו־לייזן יידישע טעכטערליך פון דער שענדונג. דאסמאל האבן יידן געגעבן געלט פרייוויליק מיט׳ן גאנצן הארצן, אבער אנדער געלט קאנטיגענטן איז אנגעקומען שווער צו נעמן און דער צער פון די יידישע פאליציאנטן איז געווען נישט צום באשרייבן.

אקטיוו אין דער פאליציי זיינען געווען רפאל קארפמאן הירשקע לאשעך, עזריאל בראצקי, מאטעל קרעפער, יחזקאל ווייצמאן און נאך עטליכע.

אויך איך אלס 13 יעריק יונגל האט מען גענומען צו ארבייט. מיר האבן געלאדן צוקער־בעריקיס אין סעזאן.

ס׳איז געווען א שווערע ארבעט, אונטער דער אויפזיכט פון אוקראינישע באוואַ־פנטע מערדער און ברוטאלן, וואס האבן געשלאגן צום טויט פאר יעדער זאך, מיר פלעגן פארבארגן א כאפ טון א שטיקל בוראק אונגריזשן צו דערקוויקן די נשמה. מיר דוכט, אז מיר זענען געווען די גליקליכסטע פון אלע. מיט מיר צוזאמען האבן געארבעט א סך קינדער און יוגנטליכע. מיר האבן געארבעט אין בארסקאוויץ, מאנטיק פלעגן מיר ארויס צו דער ארבעט און שבת קומען צוריק. אנדערע וואס האבן געארבעט נאענט פון שטאט זענען געקומען יעדען אוונט אהיים. און די פאליציי האט זיי באזיכט און באטאפט צו האבן זיי נישט אמאל דורכגעשמוגלט אביסל עסן אין געטא אריין.

אין בארסקאוויץ זיינען געווען יידן, וואס האבן געלעבט פון דער גרויסער מיל. פון פיש־פאנג סאיז בכלל געווען א רייך דארף און דארט האבן געוווינט עטליכע יידישע משפחות, איצט ווען מיר זענען געקומען האבן מיר נישט געטראפן

אפילו איין ידן. נאכער האבן מיר זיך דערוווּסט, אז די אוקראַינער האבן זיי אלע אויסגעהרגעט.

**קיין ראָוונע און צוריק אין געטאָ**

יעדעס מאל ווען כ׳בין געפארן קיין בארסקאָוויץ האט מיך באַפאַלן א פחד. די דארטיקע אוקראַינער זאלן מיך נישט דערמאָרדן אָן א אויספארשונג און מיינע עלטרן זאלן אפילו נישט וויסן פון מיין טויט, אבער וואס האב איך געזאלט טון מ׳האט מיך גערופן און כ׳בין געגאַנגען.

אמאל אבער האט מען פון יודנראַט געפאָדערט יינגלעך קיין ראָוונע צו דער ארבעט. איך האב זיך אנגעגעבן פרייוויליק און בין אוועק מיט נאך 20 מענטשן, כ׳האב געוואלט זיין ווייט פון לאַנאָוויץ, פון מיין טראַגיש שטעטילי נעבעך, כ׳האב געהאפט, אז ווייט פון איר וועל איך זיך נאך אפשר ראַטעווען און לייכטער ראַטעווען.

מיר האבן דארט געארבעט ביי דייטשישע בירגער, וואס האבן דארט געוווינט פאר דער מלחמה, אדער זענען נארוואס געקומען אהין. זיי האבן געהאט פאבריקן און געוואַסן פון אומזיסטער ארבעט. די ערשטע טעג פלעג קומען צו מיר מיין פעטער יעקב בעקער, וואס האט געוווינט אין ראָוונע נאכדעם איז ער פארשוואונדן. פון אנדערע ידן האב איך זיך דערוווּסט, אז ער איז דערשאָסן געוואָרן צוזאמען מיט זיין פאמיליע אין א קליינער אקציע.

דעם ערשטן טאג אין ראָוונע האבן מיר געזעען, ווי מ׳האט צוזאמענגענומען ידן אין צענטער פון שטאט, מ׳האט אויסגערופן, אז סהאט ענדעקט זיך אַן עפידעמיע און אלע מוזען באקומען איינשפריצונגען. אכצן טויזנט ידן האט מען צוזאמענגענומען און קיין איינער פון זיי איז נישט צוריקגעקומען, מ׳האט זיי אלע דערשאָסן דעם זעלבן טאג.

זיי האבן נישט געקלערט אונז אפצושיקן פון ראָוונע אהיים און איך האב אנגעהויבן שרעקליך בענקען נאך מיינע עלטערן. ביינאַכט פלעג איך וויינען פון בענקשאַפט און כ׳האב באַשלאָסן אַנטלויפן קיין לאַנאָוויץ פאר יעדן פרייז. דאס האט געדראָט מיט טויט שטראָף, אבער וואס האב איך געזאלט טון, כ׳האב געפילט אז כ׳וועל נישט אויסהאַלטן פון בענקשאַפט און כ׳בין אַנטלאָפן. כ׳מיין אז דעם לעצטן דראַנג האט מיר געגעבן די ידיעה, אז אלע ידן פון ראָוונער אומגעבונג זענען אויסגעראָטן געוואָרן. אין מיין הארץ האב איך געפילט און געהאַנט א שווער געפיל פון שרעקליכער איינזאַמקייט.

קיין לאַנאָוויץ בין איך אנגעקומען בשלום, און אין שטאט האט מיך קיינער נישט פאַרראַטן דער פאָליציי. די ברודערשאַפט אין שטאט איז געווען זייער א טראַגישע א איבערגעגעבענע און געטרייע.

דער געטאָ איז שוין געווען שיטער. א מענגע זיינען שוין אויסגעשטאַרבן. א סך זיינען דערמאָרדעט געוואָרן ביי דער ארבעט און אין די גאַסן. באלד ביי מיין צוריקקער האט מען דערשאָסן די צוויי ברידער נפתלי און לאַזער ווינער,

זלמן פרנס, מיכל איציק שמואל׳ס און אייניקע רוסישע בעזשנציס, וואס האבן געוווינט אין שטעטיל.

צווישן די איינוווינער פון געטא האט געערשט פארשידענע קרענק און ס׳איז נישט געווען קיין דאקטאר און נישט קיין רעצעפטן. דעם דאקטאר לוטוואק האט מען איבערגעפירט קיין קרעמעניץ און אים דארט געשאסן ס׳איז געווען שרעקליך, אבער מיר איז געווען אלץ גוט ווייל כ׳בין נעבן מיינע עלטערן.

די געלע לאטע

דערווייל איז ארויס דער באפעל פון דער לאטע. יעדער ייד האט געמוזט טראגן 2 געלע לאטעס, איינע אויף דער מיט פלייצע און די צווייטע אויף דער לינקער זייט ברוסט, פונקט געגנאיבער דער הארצן.

כ׳האב זיך דאן ארומגעדרייט אין געטא געהיים, און יעדער מאל ווען מ׳האט גענומען צו ארבעט האט מען מיר געזאגט כ׳זאל זיך באהאלטן, כדי מ׳זאל זיך נישט דערוויסן, אז כ׳בין אנטלאפן פון ראוונע. כ׳פלעג בלייבן און בעאבאכטן כ׳האב געהאט א טאג כ׳האב זיך צוגעקוקט צום ארום און ס׳איז מיר שווער אים פאר מענטשן צו שילדערן. ס׳איז נאך נישטא אזא שפראך, וואס זאל קאנען שילדערן דאס טיפקייט פון דער אומאויפערליכער שרעק און לאנגזאמען אונטערגאנג וואס האבן געערשט אין געטא.

די באציונג פון מענטש צו מענטש איז געווען דורכאויס אפאטיש אפילו קיין איין קליינינקע קריגעריי האט נישט אויסגעבראכן און נישט פאסירט, ס׳האט געערשט א מאדנע פארציכטונג, אן איבערטריבענע, פון בינטעל פארצווייפעלטע מענטשן, וואס די רעזיגנאציע אין הארצן האט צוגענומען יעדן ווילן צום ווילן עפיס.

איינער האט זיך אנגעשטעקט פון צווייטן. די רבנים זענען ארומגעגאנגען ווי שאטנס אין געטא. זיי זענען געווען איבעריק, טאטלאז און אן גלויבן. יידן האבן נישטגעדאווענט און האבן נישט געפילט קיין באדארפניש דערצו. ס׳זיינען געווען ווייניקע, וואס האבן געדאווענט ביחידות, אבער זייער ווייניקע און אממערסטן נאר די גאר אלטע יידן. ס׳האט פאסירט אז מ׳האט געכאפט צען יידן בשעתן דאווענען בצבור,ווען זיי האבן געוואלט א קאדיש זאגן פאר א טויטן וואס איז זיי געווען טייער האט מען זיי אלע אויסגעמארדעט אויפן פלאץ.

קינדער און יוגענט אין געטא

די קינדער זיינען אויך געווען דערשלאגן און לאנגעווייליקט, ס׳האט פאסירט, זיי האבן אביסל געשפילט זיך אין שטילע שפילערייען געהיים. סוף סוף קינדער, נישט מער ווי קינדער. האבן זיי די עלטערן געווארנט דאס נישט צו טון מער, ס׳איז געווען געפערליך, קינדער האבן געזוכט א באשעפטיקן צו פארשטילן אביסעלע דעם אייביקן הונגער אין זייער בויך און האבן נישט געפונען וואס צו טון. זענען זיי אויך אנגעגריפן געווארן מיט אזא איבערטריבענער אפאטיע און אינטערעסלאזיקייט ווי אלטע מענטשן.

גרויס איז געוועזן אויך דאס ליידן פון די יוגענטליכע. א יונגל האט א צו געטאן צו א מיידל, אויף א מינוט האבן זיי געפונען אינטערעס אין לעבן, אבער עפעס האט זיי אפגעהאלטן איינס פון צווייטן און זיי זענען זיך צעגאנגען שטיל, קאלט. אלץ האט פארוועלקט, יעדער ווילן האט אפגעוועלקט אידער ער האט אויפגעבליט.

*

מיין לאגע איז געווארן ערגער און ערגער, עפעס האט אין מיר געשאפן א ברויזונג, כ'האב געוואלט בלייבן לעבן און כ'האב געוועבט געדאנקן ווי זיך צו ראטעווען. אנטלויפן פון געטא האב איך נישט געוואגט. ס'זענען באוווּסט געווען די פאלען, ווען אונזערע גוטע שכנים פון נעכטן, די אוקראינער האבן געכאפט און איבערגעגעבן יידן פון אלע אלטערס צו די דייטשן. צווישן אלע זיי איז געווען נאר איין סאמאלעצקי וואס האט אויסגעבאלטן און אפגעראטעוועט ישראל ברוצקי, אבער ער איז געווען איינאונאיינציקער אזעלכער. ס'איז געווען נאך איינער מענטאך, וואס האט אויסגעהאלטן ביי זיך עלטערע יידן, אבער די שכנים וואס האבן זיך דערוווּסט דערפון זענען געגאנגען צו דער געסטאפא און מ'האט זיי אלע געהארגעט.

דער ערגסטער פון די אוקראינישע מערדערס איז געווען באטענקאס זון און אויך מישקא הרוץ דעם קאוואלס מיטעלסטער זון, די צוויי האבן ממש געהאט אן אייגענעם בית קברות נעבן די „זיבן קוואלן. דארט געפונט זיך א ברודער קבר אויסער די ברידער קברים וואס די דייטשן האבן איבערגעלאזט.

כ'האב מורא געהאט ארויסצוגיין פון געטא. כ'האב געזוכט אנדערע וועגן צום ראטעווען זיך. איך האב מורא געהאט אויך אריין אין דער לאגע פון גלייכגילטיקייט און אפאטיע. קיין בונקערס זיינען ביי אונז אויך נישט געווען. אהרון מילמאן האט זיך געמאכט א בונקער ביים שווער אין האט אים אפילו נישט באנייט, דער בונקער האט זיך אנגעפילט מיט וואסער און זיין קליין יינגעלע איז ארייגעפאלן און זיך דערטרינקען אין אים. דאס האט געבראכט צום טויט פון שלום וויסמאן אהרונ'ס שווער, וואס האט שרעקליך ליב געהאט זיין אייניקל. א פאר טעג נאכדעם איז ער געשטארבן פאר ווייטיק.

כ'האב אויך נישט געוווּסט וואס געשעט אויסער דעם געטא. די שטעטליך זיינען געווען אפגעריסן איינס פון צווייטן. ס'איז קיין שום פארבינדונג נישט געווען צווישען די באלאגערטע נעביך יידן.

אזוי האט זיך עס געשלעפט ביי מיר ביז אלול 1942.

**מ'שליסט דעם געטא**

דעם פרימארגן האט מען פארשפארט די טויערן פון געטא און נישט ארויס־געלאזט קיין מענטש. פיר טעג זענען מיר געווען פארשפארט און פארשלאסן, ניש וויסנדיק וואס דערווארטעט אונדז. פון דרויסן האבן זיך געהערט איינצלנע

שיסערייען, יעדער שאס האבן מיר געוווסט קאסט א יידיש לעבן, ס׳הארץ האט יעדעס מאל א ציטער געטאן און איך בין אינגאנצין איין באשלוס — אנטלויפן. זיך ראטעווען. ראטעווען.

ראש חדש אלול, 8 אזייגער פרי האט מען ארויסגענומען אלע איינוווינער פון געטא און זיי ארויסגעפירט אונטער א שווערער וואך פון אוקראינער און דייטשן צום בית הקברות.

דארט זענען שוין געווען אויסגעגראבן 2 גריבער. איינעם פון זיי האט מען געהאלטן ביים ארויסענדיקן. אייניקע געציילטע גויים אין ווייסן געקליידעט זענען געשטאנען און ארויסגעענדיקט דאס גראבן. כ׳האב זיי געזען איינער צו איינעם, אבער כ׳ווייס נישט ווער זענען זיי געווען און פארוואס האט מען אזא שמוציקע טומאה׳דיקע ארבעט געמאכט מיט אזא היגיענישן זויבערער בעקליידונג.

אויפ׳ן וועג האט א אוקראינער ארייגעשאסן זיינע קוילן אין רבי ר׳ אהרולע ראבין און אים געהרגעט.

**די לעצטע ליקווידאציע**

די אוקראינער האבן אויסגעשטעלט די מענער באזונדער נעבן ערשטן גרוב און די פרויען מיט די קינדער ביי דעם צווייטן אינצווישן דערגראבענעם גרוב. די מענער האט מען אויסגעטון נאקעט אין די אויגן פון די פרויען און קינדערלך. ווען זיי זענען אלע געווען נאקעט האט מען זיי אוועקגעשטעלט מיט׳ן פנים צום גרוב און געגענאיבער זיי די אוקראינער מיט די דייטשן — אויסגעשטעלט צום שיסן. לויטן באפעל האבן די באוואפנטע מערדער געשאסן צו די אונבאוואפענטע או׳מגליקליכע מענטשן. מ׳האט זיי געשאסן אין פנים אריין זיי זאלען דעם טויט זען פאר די אויגן פאלענדיק אין גרוב אריין קרעכצינדיק און שרייענדיק. נאכדעם זענען זיי צו צו די פרויען מיט די קינדערליך טאן דאס זעלבע. די קרעכצענישן פון די מענער האבן זיך נאך געהערט פון די גריבער ארויס. די קרעכצענישן האבן מיך אויפגעשוידערט און אנגעזאגט מיר מיין זיכערען טויט, כ׳האב א שפרונג געטון ווי א קאץ פון מיין שורה און אנטלאפן אין דער הויכער שטייענדיקער תבואה.

זיי האבן דאס נישט באמערקט, די תבואה איז געווען הויך און מיך באהאלטן, זי איז געווען א סך העכער פון מיין נישטיקן געוויקס, וואס האט זיך איינגעשרימפן פון הונגער און לייד.

כ׳בין אנטלאפן.

פון ווייטנס האב איך נאך געהערט די זאלבן. כ׳האב דאן געוווסט, אז מיין לעבן איז פראלאנגירט, ווער ווייסט אויף וויפל צייט.

**מיין לויפעניש**

פון די גריבער ממש, פונ׳ם טויט בין איך אנטלאפן. 35 קילאמעטער בין איך געלאפן אן אויפער אין די פעלדער פון תבואה און שניט. געלאפן אין אן אונבא־

קאנטער ריכטונג איך בין אנגעקומען אין א דארף קושליק. דאס איז געווען א דארף אויף דער צייטווייליקער רוסישער גרעניץ.

אין פעלד איז געשטאנען א גוי מיט זיין ווייב און געשניטן זייער תבואה. ווען זיי האבן מיך דערזעען האט זיי פארקלעמט ביים הארצן. זיי האבן מיר געגעבן א סערפ, נישט געפרעגט קיין פראגן און צוזאמען מיט זיי בין איך אריבער די גרעניץ פון זייערע פעלדער אויף דער זייט, צו זיי אין שטוב אויף יענער זייט גרעניץ.

אבער שלאפן ביי זיי אין שטוב האבן זיי מיך ניט געלאזט. דאך בין איך געשלאפן ביי זיי אונטער א סטערטע שטרוי אין הויף. א גאנצע נאכט האב איך געוויינט וואכענדיק און שלאפענדיק. מיינע פארוואונדעטע פיס צעריטשעטע פון די שארפע אפגעשניטענע שטרויען האבן מיר שרעקליך ווי געטאן, כ׳האב זייער געוויינט. ס׳דוכט מיר אז כ׳האב נאר געוויינט פאר ווייטיק, ס׳איבעריקע איז אלץ פארשוווּנדען מיט דעם שאָק וואס האט מיך באהערשט.

אינדערפרי האב איך געוווּסט, אז כ׳מוז אוועק פון דאנען.

כ׳בין אנגעקומען קיין מעדען, אמאל איז עס געווען א פויליש דארף און די יידן אין אים פלעגען קומען צו אונז קויפן קיען. כ׳האב איבערגעניכטיקט ביי זיי און אויפצומארגענס האבן זיי מיר געהייסן גיין.

ס׳איז געווען שבת, כ׳בין אויפגעשטאנען און אוועק. זיי האבן מיך געריכטעט קיין פאדוואלאטשיסק נאענט פון דאנעט. ווען כ׳בין ארויס פון דארף האט אין וועג געגאסן א שרעקליכער רעגן, כ׳בין נאס געווארן, פיטש נאס. כ׳האב זיך אומגעקערט. זיי האבן רחמנות געקריגען אויף מיר, כ׳בין פארבליבן ביי זיי עטליכע מאנאטן, זיי האבן מיך געבאלטן אויפן בוידעם און מיר געבראכט עסן.

פאראמאל זענען דארט אנגעקומען די דייטשן און האבן קאנצענטרירט אלע יידן פון דארט אין נאענטסטן געטא. כ׳האב געזען, אז כ׳האב נישט קיין עסן, האב איך פארשטאנען אז ס׳האט שוין פאסירט.... כ׳האב אפגעליטן דעם טאג הונגער און אינמיטן נאכט בין איך אוועק קיין פאדוואלוטשיסק.

דארט האב איך געטראפן לייזער קלעמצ׳יק. חנה שאכנעס זון. ער האט שוין געוווּסט אלץ איבער לאנאוויץ. אין פאדוואלאטשיסק זענען שוין אלע יידן געווען פארשפארט אין די טורמעס, כ׳האב זיך געבאלטן אין בית־המדרש און אוועק ביינאכט קיין זבאראזש.

אין זבאראזש איז געווען א ספעציעלע לאגע. קיין פארמאכטער געטא איז דארט נישט געווען, אבער די יידן זענען אלע געווען פארשפארט אין איין קווארטאל און דער יודנראט האט צוגעשטעלט די דייטשן קאנטיגענטן פון יידן צו דער ארבייט. זיי האבן מיך געכאפט און מיך כלומערשט געפירט צו דער ארבעט, אבער אויפ׳ן וועג האב איך זיך דערוויסט, אז מ׳פירט מיך קיין אושוויץ, בין איך אנטלאפן און זיך באהאלטן אין באד. אין דעם קעסל פון פארע. ווען אלעס איז שטיל געווארן בין איך אוועק באנאכט קיין טארנאפאל. פון דארט קיין יעזיערנע.

קיין בויבריק.

קיין כאדאראוו.

אין די נעכט, אין דער קעלט, אויסגעהונגערט בין איך געלאפן ווי א געריודעפטע חיה. אין כאדאראוו האב איך געטראפן אלע יידן פארזאמעלט נעבן דער באן־סטאנציע, ווו מ׳פלעגט פירן די צוקער־ריבן פאר דער צוקער־פאבריק. צופיל זענען דארט געווען פארזאמעלטע און ס׳האבן פארפעלט וואגאנעס פאר אזא גרויסע צאל פון טראנספארטן קיין אושוויץ.

בין איך אנטלאפן קיין סקאלע. כ׳האב געגלויבט און אנטלויפן. כ׳האב געהאט ס׳געפיל, אז ווער ס׳אנטלויפט דער בלייבט לעבן.

כ׳בין אוועק פון סקאלע קיין לאוואטשינע אויף דער הונגארישער גרעניץ, דארט האב איך געטראפן א יידן א שרעק־לויפער ווי איך. האבן מיר זיך צונויפ־געברודערט, זיך באהאלטן צווישן וואגאנעס ארונטער און זיך אוועקגעלייגט אויף די אקסן פון די רעדער און אזוי ליגנדיק פארפארן קיין מונקאטש.

ווען מיר זענען ארויס פון באהעלטניש האבן אונז געכאפט הונגארישע פאליציאנטן. זיי האבן אונז געוואלט אומקערן קיין פוילן. און אונדז פארפירט אויפן זאמל־פלאץ.

אויפן שוק־פלאץ זיינען געווען א סך יידן צום אפשיקען. ס׳האט געערשט אן אטמאספערע פון היסטעריע און קאטאסטראפע. אייניקע יידן האבן זיך צעשניטן די אדערן פון די הענט פאר צווייפל, פאר פחד פון פארן צוריק קיין פוילן.

בין איך אנטלאפן פון דאנעט קיין בודאפעשט. דא האט נאך עקזיסטירט א יידישע קהלה. זי האט אונז קאנצענטרירט אין א לאגער פון פרעמדע בירגער.

אין 1944 בין איך ארויס פון הונגאריע כמעט עפענטליך, כדי צו קומען קיין רומאניע. ווען כ׳בין אנגעקומען קיין גראסווערדן אויף דער רומעניש־ הונגאריש גרעניץ האב איך נישט געוווסט ווי גייט מען אריבער די גרעניץ, האט מען מיר געזאגט, אז דארט זענען דא הונגארישע גויים וואס שמוגלען אריבער די גרעניץ פאר געלט. און איך האב נישט געהאט קיין געלט. האב איך געווארט אויף א געלעגנהייט. כ׳בין צו צו איינעם אזא שמוגלער האט ער מיר געהייסן גיין צו א פרוי ערגעץ ווו כבין געגאנגען צו איר. זי איז געווען א יידן פון קראקאוו מיט׳ן נאמען טאכטער.

זי איז געשטאנען מיט דריי קינדערלעך און נישט געקאנט אריבער די גרעניץ, אויב עמיצער וועט איר נישט העלפן טראגן די קינדער. כ׳האב זיך אנגעגעבן צו דעם. זי האט באצאלט פאר מיר און דאנקן גאט מיר זענען אריבער די גרעניץ. צום אומגליק האט דאס קלענסטע קינד אונגעהויבן וויינען. ס׳איז געווען גאנץ פרי, ער האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף און ווי יעדנס קינדעלע געוויינט, און א רומענישע גרעניץ וואך האט אונז געכאפט.

מ׳האט אונז געבראכט פארן עלטסטן אין בעלניש, ער האט אונז אפגעפירט קיין אַרד, דארט האט די יידישע קהלה אים באצאלט געלט און מיר זענען געווען פריי.

מיר זענען אוועק קיין בוקארעשט דארט איז געווען א ציוניסטישע טעטיקייט, עמיצער האט איבערגעפירט יידן קיין ארץ־ישראל.

ס׳זענען דאן ארויס 3 שיפן פון קאנסטאנצע קיין ישראל איינע מאפקיירע, די צווייטע מארינא, די דריטע בולבול. די רומענער האבן אונז באגלייט מיט 2 קריגסשיפן ביז דעם עק פון די טעריטאריאלע וואסערן. אינמיטן ים האבן די דייטשן באשאסן די בולבול און זי פארזינקען פון אלע יידן האבן זיך געראטעוועט נאר פינף מיר האבן זיי ארויפגענומען צו אונז פון ים ארויס.

אזוי זיינען מיר אנגעקומען קיין ישראל.

**בייע גאלדנבערג**

## ווי די רבנים זענען געשטארבן

דעם רב׳ס הרב גוליצקער׳ס שטוב איז אריין אין געטא און מיט אים האבן געוואוינט עטליכע משפחות. זיין יינגעלע יענקלי, איז געווען זעהר א פייאיק קינד סיי אין לערנען, סיי אין פאכן. אין די שוידער־טעג האט ער פארשטאנען, אז מ׳דארף צוגרייטן א באהעלטעניש באצייטנס, האט ער זיך אונטערגענומען און אויסגעגראבן א טונעל אונטער ד׳ערד, וואס איז ארויסגעגאנגען פון יענער זייט געטא פארקאן — מיט׳ן געדאנק אז ווען ס׳וועט קומען דער טאג, וועט ער אפראטעווען זיין משפחה.

מירל גאלדנבערג (די קאפאצ׳קער) האט דאס באמערקט, כאטש יענקלי האט עס געהאלטן בסוד און אפילו פאר זיין פאמיליע. ער פלעגט גראבן נאר אין שעה׳ן ווען קיינער האט נישט באמערקט, אדער איז נישט געווען אין שטוב.

דער לעצטער מינוט ווען יענקלי האָט דערציילט זיין סוד זיינע עלטערן און זיי האבן אנגעהויבן ארויסגיין דורכ׳ן טונעל — דאס איז געווען נאכדעם וואס דאס געטא איז עוואקואירט געווארן, האט זיך מירל נאכגערוקט נאך זיי. אויף זייער אונגליק, איז דורכגעגאנגען א אוקראינישער פאליציאנט אנגעכאפט מירלען, וואס איז שוין געווען אלט און שוואך, ער האט זי ארויסגעשלעפט ביי די האר אינדרויסן און זי דערשאסן אויפן פלאץ.

נאך איר האט מען אויך דעם רב׳ס משפחה ארויסגעשלעפט. זיי זענען דערמארדעט געווארן נעבן זייער שטוב.

*

דער רב ר׳ אהרילי רבין איז אוועק צוזאמען מיט זיין טראגישער קהלה צום לעצטן וועג, צום בית הקברות, זייענדיק אנגעטון מיט׳ן ווייסן קיטל און א שווארצער ברייטער גארטל ארום די לענדן. אין מיטן וועג האט ער זיך אפגעשטעלט, אוועקגעשטעלט ביי דער זייט פון די גייענדע און געזאגט זיי טרייסט־ווערטער. ער האט מער ווייניקער אזוי געזאגט:

— טייערע ברידער, מיר גייען אריבער צום הימלשן קעניגרייך, נאך אזוי פיל ליידן און גיהינום־יסורים, וואס מיר האבן זיך דא אנגעליטן, איז זיכער, אז איר וועט אנקומען גלייך אין גן־עדן. זארגט־זשע ניט, גייט פריילעך צום גורל. אז וואויל צו אייך, וואויל צו אונז, וואס מיר האבן זוכה געווען שטארבן ווי יידן. אזא טויט איז אַ קידוש־השם טויט, ווייל אונזער איינציקע זינד איז דאס וואס מיר זענען יידן און דערפאר מארדעט מען אונז. גייט־זשע ברידער מיט א לייכט הארץ, מיר גייען איצט אריבער צום פלאץ וואו ס׳וואוינען די וועלט׳ס צדיקים און קאסמאס זיילן.

די אוקראַינער זענען שטיין געבליבן, זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס מורמלט דער אַלטינקער און וואָס שײַנט פּלוצעם אַזוי זיין געזיכט.

ווען דער רבי האָט געענדיקט ריידן, איז צו אים צו אפרים חנה דער קראָפּניטשקיס, האָט זיך אָנגעקלאַמערט צו זיין ברייטן גאַרטל און זיך צעכליפּעט:

— רבי׳ניו, לאָזט מיר נישט אָפּ. לאָזט מיר גיין נעבן אייך. פאַרלייכטערט מיר מיין טויט!

איז אַזוי געגאַנגען דער רב ר׳ אהרילי דעם טרויעריקן מאַרש און אפרים צוגעטשעפּעט צו אים.

דאָ האָט זיך איין אוקראַינער אויפגעמונטערט פון זיין געפלעקטקייט, ער איז צו צום רב, אַריינגעשאָסן עטליכע קוילן אים און פּראַימען וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט פאַר זיינע פיס.

אַזוי זענען זיי ביידע דערמאָרדעט געוואָרן אויפן וועג צום הייליקן אָרט. צוויי גויים זענען באַלד צו, אַרויפגעוואָרפן זיי ווי צוויי זעק אויפן וואָגן, וואָס האָט צוזאַמענגענומען די שטרויכלענדע, וואָס מ׳האָט דערשאָסן גייענדיק.

אַזוי איז ר׳ אהרילי רבין, דער לעצטער רב אין לאַנאָוויץ, באַגראָבן געוואָרן מיט זיינע קהלה מענטשן אין ברידער־קבר.



יעקב קאגאן

# אין אונזער שטעטעלע און ווייט פון איר

לאנאוויץ איז טיף איינגעקריצט אין אונזערע נשמות. ווען מיר ווען וויסן פארוואס, איז געגוג ווארפן א בליק אויף צוריק און באלד טויכט אויף א ערטעלע מיט אלע אייגענשאפטן פאר גליק און אייביקער קינדהייט. און ערטעלעך און פלעצלעך אזעלכע א סך.

אין פלוג איז עס געווען אויסערליך א שמוציג שטעטל, פון שלום־עליכם׳ס רעקוויזיט, אבער מיט א ריינהארציג געזעלשאפט, מיט שיינענדע זומער־טעג און שמעקענדיקע ווייל־פלעצער, ווי דעם „זיידנס שטיקל״ די בלאטע, די צווינטער בערג, די זיבן קוואלן, די טייכלעך ארום שטעטל און נאך ערטער, וואס האבן בערייכערט די געפילן און צוגעגעבן פרישקייט און חלומות.

✶

צו די עלטערן אונזערע האט לאנאוויץ געערעדט מיט אירע קלויזן, מיט איר שול און בית־מדרש. זיי האבן זיך מחיה געווען, לויפנדיק פארטאג, זיך צו טרעפן מיט מיטגלויביקע און צוזאמען א שמועסטאן מיט׳ן רבונו־של־עולם.

פאר אונז קינדער, האבן די הייליקע ערטער געקריגן א באזונדער ווערט אין די ימים־טובים און ספעציעל די ימים־נוראים און שמחת־תורה. ס׳האט געהויכט מיט גרויסקייט, גרויסע פרייד און גרויסע טעג מיט גרויס מורא און דין וחשבון. אין אזעלכע טעג וואקסט א פאלק צום טיפן און גרויסן.

ס׳האט לאנאוויץ געהאט אין זיך א נייגונג צו גייסט־גרויסקייט. די ביבליאטעק, למשל, געווען די גרעסטע אין דער אומגעבונג. וואס מיר האבן איינגעזאפט פון איר איז געווען פון גרויסער ליטעראַרישער־קולטורעלער וואג. מ׳האט געקלאמערט זיך דורך איר צום גרעסערן־העכערן ניווא און ברייטערן האריזאנט.

די תרבות שול און די חדרים זענען, דוכט מיר, געווען אנדערש ווי ערגעץ אנדערש, מיט גוטע לערערס, פרייע טאטן, פרייע געזעלשאפט. ווען כ׳געדיינק מאטל מלמד, דוכט זיך מיר, נישט לייכט צו טרעפן א פעדאגאג פון זיין מאס. א

באזונדער קאליבער פון פארשטאנד און הארץ פאר זיינע שילער. נישט צום פארגעסן די אנדערע חדרים מיט די גוטע מלמדים. עפעס אנדערש זעהען זיי מיר אויס אין מיין זכרון, ווי די טיפישע בייזע פארביטערטע מלמדים מיט די קאנטשיקעס און כעס. א ליבליכע אטמאספער האט געהערשט ביי אונז אין די חדרים. צדיקים זענען געווען אונזערע רביס, אז זיי האבן אויסגעהאלטן פון אונז, שקצים.

און צדיקים און נשים צדקניות האבן נישט געפעלט ביי אונז. מ'איז געלאפן טובות טאָן, מ'האט געיאגט זיך פארשפארן יעדן דאס ביסל ליידן.

נישט געווען אין לאנאוויץ קבצנים, ווינקל-נדבה-זאמלערס. א שטעטל פון כבוד און זעלבסט-באגעניגען, א שטעטל פון גליק-לאקענדע מענטשן, וואס זעהען דאס גליק אין יעדן צושטאנד.

ביז יאר 1940....

אין יאר 1940 זענען די סאוויעטן אריין. אריינגעבראכט „ארדנונג" און גייסט, באגריפן פון מאָראַל און גליק, גוישע, פרעמדע, רוצחישע, ווו דער מענטש און די מענטש-ווערטן זענען געווארן איבעריק און פחד און פארדאכט זענען געווארן די הערשנדע וואלארן פון דער געזעלשאפט.

אין יענער סאוויעטישער צייט האב איך פארשטאנען, וואס אזוינ'ס ס'איז שבת און מענטש, הארציקייט און מיטגעפיל. אלעס איז פארשוואונדן און לאנאווצער יידנטום איז געווארן טרויעריג-ערנסט. מיט ציין-פארקריצונג געווארט ס'זאל אויך דאס פארשווינדן, צוזאמען מיט'ן רעזשים.

*

כ'האב די יארן פון קריג דורכגעמאכט אין רוסלאנד. מיט מיר זענען א שטיק צייט געווען אויך פייסי ווייצמאן, יוסל ווינער, ישראל ויפה (קוסילס). א שטיק צייט זענען מיר געווען צוזאמען, שפעטער האבן מיר זיך צעשיידט.

אין דער רוסישער ארמיי האבן מיר זיך אנגעזען מיט שווערן אנטיסעמיטיזם. פון מאל צו מאל האט מען פארשפרייט קלאנגען, אז יידן האבן אקופירט טאשקענט, אז יידן זענען שולדיק אין דער מלחמה א.א.וו. ווען דער רוסישער ראדיא האט איבערגעגעבן די שוידערליכע מערדערייען, וואס יידן שטייען אויס ביי די נאצים, האבן אונזערע אוקראיניש-רוסישע גורל-ברידער גאנץ גוט הנאה געהאט.

ס'איז געווען שווער אויפ'ן הארצן, אבער דער געדאנק, אז אט אט וועט זיך דאס ענדיקן און כ'וועל זיך טרעפן מיט מיינע טייערע, מיט לאנאווצער און מיט לאנאוויץ, האט מיר געגעבן מוט. כ'האב געקעמפט, געלעבט און געהאפט.

אין 1944 האט דער ראדיא איבערגעגעבן, אז דער שונא איז באזיגט און די רוסישע ארמעען גייען פארויס און באפרייען א שטאט נאך א שטאט און צווישן זיי לאנאוויץ, אונזער שטעטעלע, האט דאס הארץ א צאפל געטאן.

כ'האב באלד געשריבן א בריף, אבער קיין ענטפער נישט געקריגן. אין א פאר מאנאט ארום האב איך געקריגן אן ענטפער פון איטע קרעפער. זי האט מיר געשריבן, אז זי איינע איז געבליבן אין לאנאוויץ.

כ'האב דערצויגן מיט אונגעדולד ביז 1946. און ווי נאר כ'האב זיך

דעמאביליזירט, בין איך אוועק קיין לאנאוויץ, גלויבנדיק אפשר דאך...

אויפ׳ן וועג פון מאסקווע האב איך זיך באגעגנט אין צוג מיט חיים־נתן גיטלמן און שלום סגל.

דערפאַרנדיק קיין לאנאוויץ האב איך פון ווייטנס דערזען דעם חורבן פון אונזער שטעטעלע. גויים, היימישע, האבן מיך באגעגנט מיט באוואונדערונג, ווי כ׳וואלט קיין רעכט נישט געהאט צו בלייבן לעבן. זיי האבן דערציילט אלעס, מיט א בולט׳ער קאלטבלוטיקייט. וועגן מיין מאמען פייגע סילע׳ן האבן זיי געזאגט, אז זי און לייזער כ״ץ (צ׳אַרנעס טאטע) האט מען געפונען אין א קעלער א פאר טעג נאכ׳ן ליקווידירן דאס געטא, און זיי געשאסן. פון די לעצטע אומגעבראכטע זענען אויך געווען טוביה מיט אהרון מילמן, חיים פנחס, אברהם מאטעסעס.

כ׳בין אוועק אויפ׳ן בית־הקברות און אויך דארט האב געפונען א חורבן. מצבות זענען געלעגן איבערגעקערט און בהמות האבן דארט געגראזט און געשמוציקט.

אין א צייט ארום איז אונטערגעקומען יוסל מארדער, מענדל ברימער און צבי מייל. מיר האבן זיך גוט אויסגעוויינט און מיט דער איניציאטיוו פון אייניקע פון אונז, האבן מיר צוגעטרעטן אויפשטעלן א פלויט ארום בית־עולם.

דאס איז ס׳איינציקע, וואס מיר האבן געקענט טאן פאר אונזערע טייערסטע אין לעבן.

געוועז א טייער שטעטעלע — געבליבן א בית־עולם. און ווער ווייסט, צו וועט אויך ער בלייבן אויף יארן?



אריה גינזבורג (אצי)

# פון סאוויעט־לאנאוויץ קיין סאוויעט־רוסלאנד

### ערשטע סאוויעטישע שריט

אין 1939 זענען אנגעקומען די רוסן אין אונזער שטעטל. איך בין פערעכנט געווארן פאר א פראלעטאריער, ווייל כ'האב געארבעט, ביז די רוסן זענען אנגעקומען, אין א סקלאד פון אייער ביי יוניק פערבער, און געבליבן אזוי אויך ביי די רוסן. איך בין געווען אנגענומען אלס א נאנטער צום נייעם רעזשים. גלייך האבן די רוסן אנגעפאנגען צו ארגאניזירן דאס געזעלשאפטליכע און מוניציפאלע לעבן. גלייך האבן זיי געשאפן א פאליציי, וואס איז בעשטאנען פון קריסטן אוקראינער און יידן. מיך, בערצ'יקן און הערש־ביירן האט מען אויסגעוויילט אלס קאמאנדירן. מיר האט מען געגעבן די רעכט, אלס פארלעסלעכער מענטש, צו אכט געבן אויף אלץ. פארשטענדלעך, אז דער פאסטן האט מיר נישט אזוי שטארק געשמעקט, ווייל לויט זייערע געזעצן איז אונזער גאנץ שטעטל כמעט געווען ביי זיי אין די אויגן פסול. צו אונזער גליק, איז קיינער פון אונזערע „גבירים" נישט פארשיקט געווארן קיין סיביר. מעגלעך, אז דאס איז געווען א רעזולטאט פון אונזער אקטיוויטעט — מיר האבן פארכאפט די רפואה פאר דער מכה. מיר האבן נישט געקענט משלים זיין דעמיט, אז אין לאנאוויץ זאלן יידן לײַדן צוליב דעם ווייל זיי זענען רייך געווארן געגן סטאלינ'ס ווילן, ווען סטאלין איז נאך דא נישט געווען. אבער אינגאנצן פארמיידן די גזרה האבן מיר נישט געקענט, ווייל די פאליטרוקעס האבן זיך באפעסטיקט אין זייערע פאסטנס און האבן געארבעט לויט א פראיעקט סיסטעמאטיש, האבן זיי אנגעהויבן צו נאציאנאליזירן די פארמעגנס. דער ערשטער האט געליטן דערפון שמעון גלינין, ווייל אין פארגלייך צו אנדערע איז ער געווען דער גרעסטער גביר און זיין הויז איז געווען דאס שענסטע אין שטעטל. דאס האט אויפגעריסן די אויגן. איז ערשטנס האט מען אים ארויסגעווארפן פון זיין ווילע און אים געצוואונגען איבערגיין וווינען ביי זיין מאמע לאה חנה־עטי'ס. נאך דעם האט מען זיך גענומען צום פארמעגן און עס איבערגעפירט אין די הענט פונ'ם „פאלק און זיין רעזשים".

אין שפיץ פון דעם רעזשים איז געשטאנען א אוקראינער איינער קרבצ'וק, וואס האט געהאט א יידיש ווייב אַ קאָמסאָמאָלקע און מ'מוז באצייכענען, אז זי האט געמאכט פערשידענע אנשטרייגונגען לטובת די יידן אין שטאט.

דריי מאנאט האט געדויערט דער צייטווייליגער רעזשים וואס א עלפט איז געווען מיליטערישע און א עלפט אדמיניסטראטיווע. נאכהער האבן איבערגענומען די מאכט רוסן מיט דער היגער באפעלקערונג. מ'האט אנגעהויבן ארגאניזירן דאס בירגערליכע לעבן און די אינסטיטוציעס. ס'איז אויסגעוויילט געווארן א שטאט־ראט, און אלס פרעזעס פון דער שטאט־ראט איז אויסגעוויילט געווארן אנדריי קישקה,

א גוי וואס האט אפילו קיין פאלקס־שולע נישט געענדיקט. אבער ער איז געבענ־טשט געווארן מיט אזא ברען צו דעם נייעם קלאסנארטיקייט, מיט אזא אינסטינקט צו דעם נייעם רעזשים, מיט אלע זיינע כוונות און ארדענונגען. דער שטאט־ראט האט זיך באזעצט ביי צימבערגן אין הויז. דארט איז געווען אונטן די אפטייק.

נאך עטליכע חדשים האט מען דעם אנדריי קישקה אפגעזאגט, און אויף זיין פלאץ איז געקומען בייע גאלדבערג. אויך ער איז לאנג נישט געווען און אויף זיין פלאץ איז געקומען יצחק שמוך. זיין סעקרעטארין איז געווארן פנינה מלמד, יצחק מלמד׳ס טאכטער. דער שטאט־ראט האט זיך דערווייל פערברייטערט און איז איבערגעפירט געווארן אין שרה (שייעס) כץ הויז.

## מסחר און סוחרים

דער נייער רעזשים האט פון אנפאנג ערמעגליכט די סוחרים צו פירן ווייטער זייערע געשעפטן. אבער, אין איין טאג האבן זיי געפאקט אלע װעקסלען ביי די הורטאָוניקעס און פאבריקאַנטן אין לעמבערג, דארט וואו זיי פלעגן קויפן זייערע סחורות און לויט דעם האבן זיי געוווסט יעדנס אומזאץ, און לויט דעם האבן זיי ארויפגעלייגט א קוואנטום פון געלד אויף צו שטיצן דעם נייעם פאלקס־רעזשים. דער עיקר קרבן איז געווען עוזיאל רייכמאן. אויף אים האט מען ארויפגעלייגט א סומע פון פינף טויזנט רובל עד לחשבון, און זיי האבן אים פאראויס־געזאגט אז די ווייטערדיגע ראטן וועלן זיין גרעסער און גרעסער. ווען ער האט זיך געגנגעשטעלט האט מען אים געמאכט א משפט. ער איז פערמשפט געווארן אויף יאר תפיסה, וואס דאס בעדייט אויך, צום סוף, פארשיקן קיין סיביר.

אויך אין דעם פאל האט זיך אפגערופן דער לאנאוויצער קאלעקטיווער טראדיציאנעלער מיטגעפיל. אפילו די צוויי דאקטוירים, וואס זענען געווען ווייט פון יידישקייט פון אלע יארן, ד״ר לוטבק און ד״ר לוטבק־אייזנשטאט, האבן אויך געטון אלץ, און אויף זיין שלימזל האט מען אים נישט ארעסטירט און נישט פערשיקט קיין סיביר. מ׳האט געגעבן א בעשטעטיגונג אז ער איז קראנק, און ער איז געבליבן אין דערהיים. אבער דער משפט אליין האט אזוי געווירקט אויף אים אז ער האט געקריגן א שאק און איז אריין אין אזא דעפרעסיע, אז ער האט געקריגן א פאראליז׳ אויפן גאנצן קערפער. ער איז שוין במילא געבליבן אין דערהיים, אבער דעם קנס האט ער געמוזט באצאלן.

## יוגנט, קולטור און געזעלשאפט

די לאנאוויצער יוגנט, וואס איז געווען ציוניסטיש געשטימט פון געבוירן אן, וואס מ׳האט גערעדט עברית און געווען איינגעוווּרצלט אין איר ליטעראטור, איז פלוצים אנטשוויגן געווארן, און צוליב זיכערקייט געמוזט אריין אין די שורות פון דער קאמוניסטישער יוגנט. דער ציוניזם איז געווארן פערבאטן און טרייף. די יוגנט האט זיך ארומגעדרייט ווי מאראנען.

דאן האבן זיי זיך גענומען צו דער געזעלשאפט. זיי האבן אנולירט דעם

ראבינאט מיט אלע זיינע אפטיילונגען. אלע זיינע פונקציעס זענען אריבער אין ציווילע אינסטיטוציעס. יונה׳ס פוגל איז באשטעטיגט געווארן אלס פאראנטווארט־ליכער פאר דער ביורא פון פערשרייבן ציווילע חתונות. די נייע סאוויעטישע ארדנונג האט זיך גענומען צו אלע אפיציעלע יידישע אינסטיטוציעס, האט זיך אבער נישט געמישט אין לעבן פון דער יידישער געזעלשאפט אלץ איינצעלהייטן, און ערלויבט צו לעבן ווי שטענדיג.

יידן האבן געדאווענט אין די שולן און פארבראכט שעה׳ן אין די בתי־מדרשים. צוזאמען געדאווענט בציבור, מער ווי תמיד, אזוי ווי מ׳וואלט געוואלט אויסנוצן א זאך וואס וועט פארבאטן ווערן. מ׳האט אפילו געגרעט וועגן דעם, אז מ׳וועט פארבאטן דעם דאווענען און די שולן וועלן קאנפעסקירט ווערן. אבער דערווייל איז נישט געקומען דערצו. די רבנים האבן אפגעהיט די רעליגיעזע זייט און אלץ איז געווען כמעט ווי פריער. אבער דאך איז עפעס ערשיטערט געווארן. אין דעם געזונטן יסוד פון דער געזעלשאפט, וועלכער האט אנגעהאלטן דורות, איז געשען א קראכונג, א ווערטן ענדערונג, אין מענטש און אין קלאס. אין דעם אינזיכט האבן מיר אלע געליטן. אפילו די מענטשן, וואס זענען כלומפרשט צוגעקומען צו הויכע פאסטנס ביי דער רעגירונג. ס׳האט זיך געפילט א דעפרעסיע ביים מענטש און אין זיין געזעלשאפט. מ׳האט בכלל נישט געקלערט וועגן צוקונפט. א מין נעפל האט ארומגענומען אלץ וואס איז פארבונדן מיט צוקונפט און ווייטקייט. כאטש דא און דארט זענען געווען געוויסע אויסנאמען. די יוגנט האט חתונה געהאט ביי רבנים און געמאכט תנאים, און כדי די רעגירונג זאל נישט מאכן קיין צרות האט מען זיך פערשריבן אין ביורא פון ציווילע חתונות — א בעוויז אז מען איז טריי דער רעגירונג. ס׳איז אויך נישט געווען קיין אנדער ברירה. מ׳האט דאס געזען ווי א גזרה מן השמים. דער עיקר איז געווען, פערשטענדלעך, דער אקט ביי דעם רב. מ׳האט דאס געזען פאר א חוב צו דער פארגאנגענהייט, צום אייגענעם יידישן שטאלץ און זעלבסטווירדע.

ס׳איז געווען א פאל וואס האט אויפגערעגט די גאנצע לאנאוויצער קהל, וואס איז געווען פעראייניגט אין אלע אינזיכטן, ווען משה קרבר האט חתונה געהאט מיט א לערערן פון יאמפאלע, אַ קאמסאמאלקע נאך פון איר מאמעס בויך, און זיי האבן זיך בלויז פערשריבן אין דער ביורא פון ציווילע חתונות, לויטן סאוויעטישן דין. קהל האט זיי נישט געוואלט מוחל זיין דאס גרינגשעצן פון טראדיציע און רבנות. אבער ווען ס׳איז זיי געבוירן געווארן דער ערשטער זון און זיי האבן אים געמלה׳ט לויטן דין, האט דאן דער בירגערמייסטער פון שטאט, יצחק שמוך, געפונען פאר נויטיג זיי אויסצושליסן פון דער פארטיי. דאס האט איבערגעלאזט א פלעק אויף די בעשולדיגטע.

די יוגנט פלעגט זיך צוזאמענקומען אין פאלקסהויז "Dom Ludowy" וואס ס׳האבן נאך געבויט די פאליאקן, ס׳האט זיך געגרעניצט מיטן פוילישן אלטן צווינטער.

אין די אוונדן פלעגן טאנצן און זינגען יידישע יוגנט צוזאמען מיט אוקראי־

נישע. ס׳פלעגט זיין א ארקעסטרא און ס׳איז געווען גאנץ פריילעך. דאס האט א ביסל לייכטער געמאכט דער יידישער יוגנט איבערצוטראגן דעם נייעם לעבנס־שטייגער און געזעלשאפט׳ס סיסטעם, אבער די ערשיטערונג איז געבליבן. ס׳האט געפעלט דער גלויבן, ס׳האט זיך געבענקט נאך דער אלטער משפחה טראדיציע.

### דער דייטש קומט

אין א געוויסן טאג האט מען געהערט קלאנגען, אז די דייטשן האבן צעשטערט דאס אפמאך צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד, און זיי האבן אנגעפאנגען צו אטאקירן רוסלאנד. דער קלאנג האט זיך פארשפרייט שנעל ווי א בליץ. דער גע־דאנק, אז די דייטשן זענען נאענט צו אונזער געגנט, האט אונז נישט געלאזט צורו. די פאראנטווארטליכע פארן רעזשים אין די אינסטיטוציעס האבן אנגעפאנגען רעדן וועגן אפטרעטן פון דער שטאט. ווען די דייטשן זענען שוין געווען אין טארנאפאל איז אנגעקומען א באפעל צו פאקעווען די פעקלאך און צו פארלאזן די שטאָט. ס׳איז שוין אבער געווען א ביסל צו שפעט.

מיט דער באן האט מען שוין נישט געקענט פארן. די רעלסן פון דער באן זענען שוין געווען צושאסן פון דייטשעשע באמבעס. זיצנדיק אויף די וואליזקעס גרייט צום אוועק, האבן מיר געמוזט זוכן אנדערע וועגן צו אנטלויפן. מיר האבן קאנפעס־קירט וואגנס מיט פערד און געצווינגען די בעלי בתים צו פירן אונז אין א זיכערן פלאץ.

די אוקראינער אונזערע, וואס האבן פיינט געהאט די רוסישע מאכט פון אנפאנג, און זענען געבליבן פול מיט שנאה צו איר ביז׳ן סוף, האט מען געמוזט שטענדיק צווינגען זיי זאלן אננעמען דעם נייעם דין המלכות. אבער יעצט איז נאך די שנאה גרעסער געווארן און אקטיוו, און מיר האבן דאס מאל אויך געמוזט זיי צווינגען זיי זאלן אונז ראטעווען פון דעם דייטש׳ס הענט.

### ארויס פון לאנאוויץ

ארויסגעפארן זענען מיר נישט מער ווי בערך א פינף און דרייסיק מענטשן, פון די אקטיוו, ווייל מיר האבן געוווּסט, אז מיר וועלן זיין דער ערשטער קרבן. די איבעריגע יידן, אפילו ווען זיי האבן געהאט מעגליכקייטן צו אנטלויפן, האבן נישט געוואלט פארלאזן זייער היימשטאט. אין געגנטייל, זיי ליידער האבן נאך געווירקט אויף אנדערע צו בלייבן אין דער געבורטס־שטאט, וואס איז דערנאך פארוואנדלט געווארן אין זייער קבורה־שטאט.

איך דערמאן זיך אין יואליק קורולקי (יואליק כ״ץ) וואס איז פארעכנט געווארן פאר א קלוגן און שארפן בחור — איז געשטאנען דאן אין מונדיר פון א רוסישן סאלדאט און האט מיט א מין ציניזם און חוזק געקוקט אויף אונז און געפרעגט מיך וואוהין גייט איר לויפן? אויך דארט וועט אייך טרעפן די דייטשישע חיה, איז בעסער צו זיצן דא ביז עס וועט איבערגיין די סכנה. האסט געזען ווי גרויס דער רוסישער כוח איז? זיי וועלן זיי צעברעכן.

אזוי האבן געמאכט אנדערע אויך. און דער עיקר האט דאס געטאן הירשקע לאשיק (הערש לייזער דעם צ׳אנער שוסטער׳ס). ער האט ממש חוזק געמאכט פון אונז, פון די וואס לויפן. איז נעבעך געווען זיכער אז ער מאכט א חכמה. צו באדויערן איז ער געווען אויך א קרבן פון זיין „חכמה״.

✶

נאך דריי־פיר טעג זענען מיר אנגעקומען אין א דארף נעבן קיוב. מיר האבן דארט באפרייט די גויים מיט די פערד און וואגנס און מיר זענען ארויף אויף דער באן. די באן איז געווען א לאסט־באן פול מיט מענטשן און בהמות, אָנגע־פאקעוועט ביז צום דערשטיקט ווערן. אבער דער געפיל, אז מיר דערווייטערן זיך פון דער סכנה האט אונז געשטארקט און מיר זענען אנגעקומען בשלום קיין ראסטאוו.

אויפן וועג זענען מיר נישט איינמאל אראפ און געזוכט ווו זיך צו בעהאלטן פאר די באמבעס, וואס האבן אונז באגלייט לענגאויס דעם וועג.

אין משך פון דער נסיעה זענען ארויפגעקומען רוסישע ארעסטאנטן, וואס זענען דערווייל בעפרייט געווארן בתנאי זיי זאלן זיך אנשליסן אין די רייען פון רוסישן מיליטער וואס גייט ארויס אין פראנט. אזוי ארום האט מען פארגרעסערט די נארמע פון קאנאנען פלייש, וואס רוסלאנד האט געדארפט. די ארעסטאנטן, וואס זענען געווען אונטערוועלטניקעס, גנבים, רוצחים, האבן אונז זער געשטערט און דערקוטשעט. ס׳איז נישט געווען אויסצוהאלטן. אבער דער ווילן צום לעבן איז געווען אזוי שטארק, אז דאס האט אונז געשטארקט און מיר האבן אלץ איבער־געטראגן — די שלעכטע געזעלשאפט, די רעזשימען און די שווערע לאגע.

אין יעדער סטאנציע האט מען אונז געגעבן די מעגליכקייט צו קויפן פראדוקטן און אפילו קריגן אומזיסט עסן פון די מיליטערלאגערן, אויב ס׳איז אזעלכע געווען. אין דעם איניזיכט זענען מיר געווען מער מזל־דיק ווי אנדערע.

### די לאנאוויצער צעשיידן זיך

אין רוסטוב האבן מיר זיך צוטיילט. א חלק פון לאנאוויצער זענען געפארן אין געגענד פון סיביר. איך און נאך עטליכע זענען געבליבן אין רוסטוב. מיר זענען אריין אין א קאלחאז. מיר זענען געווען הירש־בר מאזור מיט זיין טאכטער, בייע גאָלדנבערג (קאזאטשקער), הרשלע סלומון (רייזע שאכנעס) ביירלי פלעצל (דער הארבאטע) און נאך.

דריי מאנאט זענען מיר געזעסן אין דעם קאלחאז. פלוצים זענען ווידער אנגעקומען ידיעות, אז די דייטשן זענען שוין נאענט קיין רוסטוב. מיר האבן פערלאזט דעם קאלחאז, און יעדער איז אוועק אין א אנדער ריכטונג. איך בין געגאנגען טיפער אין מזרח, אין ריכטונג פון בוכארא. מיט מיר איז געגאנגען נאר ביירל דער הארבאטע. מיר האבן זיך געוואלגערט אין שטאט. געשלאפן אין פארק פון שטאט, אויף א באנק. קיין געלד האבן מיר נישט געהאט, האב איך

געשיקטביירלען קויפן שווייבאלאך אין קאלחאז און פארקויפן זיי אין די באנען, און אזוי האבן מיר זיך אויסגעהאלטן. צו אונז איז אויך שפעטער אנגעקומען בייע גאָלדנבערג, איך האב געמאכט א מסחר פון קורטקעס שפענצערס. געקויפט האב איך זיי אין בוכארא און פארקויפט אין צ׳קאלוב. אין א געוויסן טאג האב איך דארט געטראפן הערשלע סולומונצ׳יק, שאכנעס אייניקל. ער איז שוין דאן אלט געווען צוואנציק יאר. לײדער, איז ער לאנג מיט אונז נישט געווען, אין בוכארא האט ער געקריגן א טיפוס און איז געשטארבן.

מיר האבן אים בעגראבן אין הויף פון שפיטאל, ווייל מ׳האט אונז נישט געלאזט ארויסנעמען זיין קערפער פון דארט. זיי האבן מורא געהאט פאר א מגפה.

אונזער מסחר האט ארומגענומען א געוויסע געגענד, צווישן בוכארא און טאשקענט. אויפן וועג האבן מיר באגעגענט שלמה טייטל (תמרי), וואס האט אונז איבערגעגעבן א גריס פון זיין ווייב בתיה׳ן מיט פיירלען, איר שוועסטער, ער איז נישט געווען אין ארבייטסלאגער. אין טאשקענט האבן מיר געטראפן די משפחה שמוך, יונתן פוגל מיט זיינע שוועסטער גיטל און חנה. איך האב זיך בעזעצט אין צ׳קאלוב. כ׳פלעג ארויסגיין אויפן מארק, מ׳זאל מיך נישט באמערקן, און פארקויפט דארט מיין סחורה. איינמאל האב איך געטראפן זוניע רבין מיט זיין ווייב. זיי האבן מיך נישט דערקענט, אבער איך האב זיי צוגערופן און דרמונטערט. פון דאן האבן מיר זיך געטראפן עטליכע מאל. אין משך פון דער צייט איז געווען זער שווער מיט דעם מסחר. ס׳איז ממש געווארן א סכנות נפשות, האב איך בעשלאסן צו פארשרייבן זיך צו דער ארבייט און לעבן ווי אן ארבייטער, ביז עס וועלן קומען בעסערע צייטן. איך בין אריבער קיין בעלצק, מיר פלעגן ארויסגיין אין וואלד צו דער ארבייט. דער וואלד האט געהערט צו פאוולסק צ׳קאלאווער גובערניע. א ביסל פלעג איך נאך דאך אונטערהאנדלען. איינמאל, זייענדיק אויפן מארק זע איך ד״ר לוטק אייזנשטאט דרייט זיך ארום מיט א זייגער אין האנט און לייגט אים פאר צו פערקויפן. איך האב אים גלייך דערקענט און כ׳האב אים געפרעגט צוליב וואס פארקויפט ער דעם זייגער? האט ער מיר דערציילט, אז זיין ווייב געפינט זיך אין שפיטאל, זי האט געבוירן א קינד און ער דארף האבן געלט. האב איך אים געליגען צוואנציק טויזנט רובל ער זאל נישט פערקויפן דעם זייגער.

ס׳האט לאנג נישט געדויערט און איך האב פון אים געקריגן מיין געלד צוריק קיין פאוולסק. ווייזט אויס אז ער האט געקריגן ארבייט ביי זיין פאך. מער האב אים נישט געזען.

*

אין פאוולסק האט מען מיך מאביליזירט אין א ארבייטס לאגער אין מאגניטאגארסק. כ׳האב זיך מיט אלע געזעגנט און אוועק. געבליבן זענען דארט זוניע, יונתן פוגל, שמוך יצחק, מעני, באבצי און רחל שמוך. יצחק שמוך האט שוין געהאט א ווייב, חנה פוגל און א קינד. אין 1944 האט מען מיר איבערגעגעבן, אז זיי האבן זיך אנגעשלאסן אין פוילישן מיליטער, און אונזערע וועגן האבן זיך צעשייד.

אין מאגניטאגארסק האב איך געארבייט א יאר צייט אין א פאבריק פון שמעלצן אייזן. די פאבריק האט געהייסן מאגניטקא. דארט האבן געארבייט אפשר א מיליאן ארבייטער. די באדינגונגען פון דער ארבייט זענען נישט געווען קיין שלעכטע, אבער דער קלימאט האט מיר נישט געפאסט און כ׳בין קראנק געווארן אויף קדחת, פון מאל צו מאל האב איך געהאט איינפאלן, אזוי אז כ׳האב געמוזט פארלאזן דאס פלאץ.

**א באַזוך אין לאנאוויץ**

כ׳האב זיך פרייוויליק מאביליזירט אין דער רוסישער ארמיי. מ׳האט מיך געשיקט צום פראנט און כ׳האב זיך באטייליגט אין פארשידענע קאמפן, ביז כ׳בין אנגעקומען אין דער געגענד פון גדרודזיאנדז. דארט בין איך געלעגן אין שפיטאל נאך דעם ווי כ׳בין געראניעט געווארן אין א קאמף לעבן צ׳נסטוכוב. דאס איז געווען אין מאי 1945.

ווען מ׳האט מיך באפרייט פונ׳ם שפיטאל, דעם 12־טן מאי, בין איך גלייך געפארן קיין לאנאוויץ זען וואס האבן די דייטשישע בעסטיעס געמאכט פון אונזער שטעטל.

אין שעפיטאווקע האב איך באגעגנט שלום סגל און חיים־נתן גיטלמן. שלום איז געפארן קיין טארנאפאל און איך מיט חיים־נתן גיטלמן קיין לאנאוויץ.

שווער צו באשרייבן ווי מיר האבן די שטאט געטראפן. זי איז אינגאנצן רואינירט. נישטא קיין שטיבער. נישטא קיין זכר פון שטיבער. אַלץ האבן די דייטשן פארראמט. ס׳איז בלויז געבליבן די גרויסע שול און, להבדיל, די קלויסטערס. שייע נתן׳ס שטוב און ביירל קאנצז׳ור׳ס שטוב — דארט איז געווען דער קאאפעראטיוו פון די שניידערס אין משה גורוויץ׳ס (רינקוביץ) שטוב זענען געווען די שוסטערס. מיכל קאוואל׳ס שטוב איז בעזעצט דורך דעם געריכט׳ס ביורא. חיים־נתן׳ס שטוב אנטקעגן מיכל גאלנדער — דארט איז געווען די פאסט. בעני חיים־לייב׳ס שטוב האט געדינט פאר א רעסטאראן פאר דעם קאלעקטיוו. נידריגער איז געשטאנען שלֹמה פלעצעל׳ס שטוב. דארט איז געווען א קלוב פאר דעם קאמסאמאל און אנדריאנ׳ס איידעם האט אנגעפירט מיט דעם קלוב.

פון אלע יידן איז נישט געבליבן קיין איין לעבעדיקער נפש. מ׳האט אונז געזאגט אז נחום קרעפער׳ס טאכטער איז געבליבן לעבן. מיר זענען געגאנגען זי זוכן, אבער מיר האבן זי נישט געפונען.

איך בין געבליבן נעכטיקן ביי אנדריאנען. זיי האבן מיר געגעבן א געלעגער מיט בעטגעוואנט און געזאגט, אז דאס האט געערט אמאל צו שרה כ״ץ, שייע נתן׳ס טאכטער, זיי האבן דאס געפונען אין גאס, אזוי האבן זיי געזאגט...

כ׳האב נישט געקענט ארויסקריגן פון זיי וואס איז געווען דער גורל פון יידן אין שטעטל. זיי האבן פשוט נישט געוואלט רעדען. אויך פון מיין מאמען האבן זיי נישט געוואלט רעדן, זיי האבן באשטעטיגט אז זי לעבט נישט מער. מער האב איך דארט נישט געקענט בלייבן. די זכרונות און קאשמארן האבן מיך

נישט אפגעלאזט און נאך איין נאכט בין איך אוועק פון דארט. אידער כ׳האב פארלאזט מיין שטעטל אויף אייביק, האב איך געוואלט זיך געזעגענען מיט מיינע אלע טייערע און געוואלט גיין אויפן בית־הקברות זען דעם קבר־האחים פון אונזערע קדושים, אבער זיי האבן מיר אנגעשראקן און געווארנט, אז אין דער סביבה פון בית־הקברות דרעהען זיך בענדעראווצעס רוצחים און זיי זענען גרייט צו הרג׳נען נאך א פאר יידן. חיים־נתן האט אויך נישט געהאט קיין מוט צו גיין מיט מיר. ליידער, האב איך געמוזט פארלאזן מיין שטעטל, נישט האבנדיק אפילו דעם זכות צו באוויינען מיינע אלע טייערע.



לאנאוויץ אמאל (די קאשטשיאל גאס)

**בתיה (מלמד) טייטל**

# רוסלאנד א לעבענס־סטאנציע

**די אויפגעצווינגענע חתונה**

אין 1939, ווען די רוסן זענען אנגעקומען צו אונז, האט מען שלמה'ן גענומען אין קולטור־אפטיילונג אלס בוכהאלטער. מיר האבן געוואוסט, אז אין דעם רעזשים איז גארנישט זיכער, נישט די ארבייט און נישט די עקזיסטענץ, בפרט אז שלמה איז געווען א געוועזענער סוחר, און ס'האט אים געדראהט דער בעוואוסטער פאראגראף 11 — טורמע און פארשיקונג — יעדע מינוט. דאך האבן מיר נישט אפגעשטעלט דאס לעבן. מיר האבן באשלאסן צו לעבן ווייטער, אַזוי ווי גארנישט איז נישט געשען.

מיר האבן באשלאסן חתונה צו האבן. דאס איז געווען א ספעציפישע חתונה, א בעהאלטענע, פונקט ווי מיר וואלטן עפעס געגאנגען טון א פארברעכן. מיינע עלטערן, וואס צוליב זייער יידישקייט זענען זיי אויסגעשטאנען גענוג אין זייער לעבן, אין פארשידענע רעזשימען, — האבן אויך דא באשלאסן צו זיין שטארק, און חתונה מאכן זייערע קינדער ווי יידן. ס'איז נישט געווען לייכט אין אזא רעזשים פון שנאה צו רעליגיע, און צו אונזער רעליגיע בפרט. צוליב זיי האבן מיר געפראוועט א חתונה, לויט אלע יידישע פארשריפטן און מנהגים ביי אונז אין שטאט.

די געלאדענע געסט זענען זיך צוזאמענגעקומען געהיים, דורך דער הינטערטיר. די שטוב איז געווען פערמאכט ארום און ארום, אלע טירן פארשלאסן. מיר האבן פארהאנגען אלע פענסטער הערמעטיש, אזוי אז קיין שטראל פון ליכט האט מען נישט דורכגעזען, אזוי ווי עס זאל נישט זיין קיין לעבעדיקער מענטש אין שטוב. צו דער חופה, וואס איז געווען געפראוועט לויט אלע רעליגיעזע צערעמאניעס, האבן מיר איינגעלאדן בלויז איינציגע מענטשן, ווייל דא האבן מיר איינגעשטעלט מענטשן אין א גרויסער סכנה און נישט יעדער וואלט דאס געוואלט מיטמאכען.

דאס איז געווען א חתונה מיט געמישטע געפילן — א געפיל פון פרייד און א סאך עגמת־נפש און ספקות לגבי דער צוקונפט פון דער וועלט און לגבי אונזער צוקונפט אליין.

די חופה, ווי כ'האב פריער געזאגט, איז צוגעריכט געווארן מיט אלע פיטשעווקעס: מ'האט געבראכט פיר שטאנגען און אויסגעשפרייט א ווייסע חופה מיט גאלד.

די חופה האט געקאנט דערציילן וועגן א סך יארן און א סך פאר־פעלקער. די כלה האט זיך געדרייט לויט'ן דין, דער חתן האט מקדש געווען כדת וכדין. די מחותנים האבן געלייגט אכט אויף די כיבודים, זאלן זיין ווי דער מנהג. און

טרערן זענען געריננען אויך ווי ביי יידן איז אנגענומען, אבער דאס מאל מער ווי געוויינלעך.

חופה וקידושין האט געגעבן הרבי ר׳ אהר׳לי ז״ל, דער לעצטער פון די לאנאוויצער רבנים און דער טראגישער פון אלע.

אין דעם איז געשעהען א זאך, וואס האט ערשיטערט אלע צוזאמענגעקומענע און ס׳האט כמעט מבטל געמאכט דעם אייביקן משפחה מאמענט: ביי די שבע ברכות האבן זיך די צוזאמענגעקומענע פערגעסען און געזאגט די ברכות מיט א העכערען טאן. זיי האבן זיך נעבעך צעזונגען, ווי אין די גוטע צייטן — און דער סוד איז מגולה געווארן.

ס׳האט זיך א עפן געטאן די טיר און ס׳זענען אריינגעקומען צוויי זעלנער מיט מונדירען פון דער רויטער ארמיי. זיי זענען שטיל אריין אין צימער פון די מענער, אוועקגעזעצט זיך ביים טיש, נישט גערעדט קיין ווארט. די מענער האבן זיך שרעקלעך דערשראקען. די פסוקים זענען זיי געבליבן שטעקען אין האלז און די צערעמאניע איז געווארן אפגעשטעלט, זיי האבן מורא געהאט אפשר האבן זיי עפעס געזינדיקט קעגן דעם אנטי־רעליגיעזן רעזשים. אין די מינוטען פון צעטומלונג, האבן די צוויי זעלנער אונז איבערראשט. זיי האבן זיך אויפגעשטעלט און אונז בערוהיגט, זיי האבן זיך ממש געבעטן ביי אונז נישט אויפהערן די צערעמאניע, מיר זאלן ווייטער פארזעצן מיט׳ן זאגן און מיט׳ן ניגון. און שטיל אין אויער האבן זיי די נאענטע נעבען זיי געזאגט, אז זיי אליין זענען יידן און זיי האבן אויף זייער לעבן אזעלכעס נאך נישט געזען, און אז זיי זענען דורשטיק נאך א ביסל יידישקייט און ווילן ממש פערזוכן און פילן דעם טעם פון אזא צערעמאניע.

זיי האבן אונז נישט געקאנט איבערצייגן, מיר האבן נאכדעם נאך מער זיי חושד געווען. נאר א פאר געציילטע יידן האבן זיך א ביסל אונטערגעזונגען. די צוויי סאלדאטן האבן געזען וואס דא קומט פאר. זיי זענען ערצויגן געווארן אין א רעזשים פון חשד און האבן פערשטאנען פארוואס די מענער זענען אזוי פארגליווערט געווארן און די ווייבער דערלאנגען גארנישט פון קיך. זענען זיי צוגעגאנגען צו די מענער און אנגעפאנגען זיי צו קושען מיט אזא געפיל. אזוי קושען קענען נאר ברידער, וואס האבן זיך א לאנגע צייט נישט געזעהען און פלוצים זיך געטראפן. ס׳איז קיין ספק נישט געווען, אז זיי מיינען דאס מיט׳ן גאנצן הארצן. האט זיך די אטמאספערע געענדערט, ס׳איז געווארן ווארעם אויף דער נשמה. און אזוי ווי א בילד אין קינא, וואס ווערט איבערגעריסן און צורעכטגעמאכט, אזוי האט אַלץ אנגעפאנגען צוריק צו שטראמען נאטורעל, ערנסט און יידישלעך, מ׳האט געפראוועט שבע ברכות. דאס געפיל איז געווען ווי מ׳וואלט געוואלט געוואונען צוויי פארלוירענע קינדער, וואס זענען אין געפאנגעניש ביי גויים. אַלץ האט זיך געענדיקט אויפן בעסטן אופן.

לאנג נאך האט לאנאוויץ גערעדט פון דעם אווענד.

צומארגנס נאך דער חתונה, איז מען געגאנגען גלייך צו דער ארבייט. ווי

אלע טעג, האט איך אויסגעזען דעם טאג, אבער דאס הארץ האט געקלאפט וואס וועט זיין מיט די צוויי פארברעכער געגן רעזשים.

די גאנצע וואך איז אריבער בשלום. שבת האבן מיר געמאכט א קבלת-פנים פאר חברים און פאר דער קאמענדאנטור און פאר די רעזשים פארבונדעטע.

**אונזער ארויסוואנדערן פון לאנאוויץ**

מיין שוועסטער פערל מלמד, האט געארבייט אלס סעקרעטרין פון דעם שטאט־ראט. איין אווענט קומט זי אהיים און דערציילט, אזוי ווי מ׳ווייסט נישט אז שלמה איז מיין שוואגער, האט מען מיך געפרעגט וועגן זיין פערזענליכקייט און איך, נישט האבנדיג קיין ברירה, האב געמוזט מודה זיין, אז ער איז געווען א סוחר. מיר האבן זיך זער דערשראקן. מיר זענען געווען זיכער, אז מיר וועלען דארפן זיך געזעגענען מיט לאנאוויץ, און ווער ווייסט וואו מיר וועלען פארווארפן ווערן. צום סוף האט זיך אַלץ געענדיקט צום גוטן.

שלמה׳ן האט מען אנערקענט פאר נישט קיין גענוג געטרייען פאטריאט, מ׳האט אים געפסל׳ט פון גיין צום מיליטער, און שפעטער נישט געשיקט אים אין פראנט.

ווייזט אויס, אז זיין ארבייט וואס ער האט געמאכט פאר זיי איז זיי יא געפעלן. מ׳האט אים איבערגעלאזט ביי זיין פאסטן.

איצווישן איז אויסגעבראכן די קריג צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד. דייטשן האבן אנגעגריפען דעם חלק פוילן, וואס איז געווען אין די רוסישע הענט. ידיעות זיינען אנגעקומען, אז זיי זענען שוין פערציק קילאמעטער פון דער שטאט. מיר האבן געהערט דאס קנאלן פון די באמבעס. די רוסן זענען געווען צעטומעלט. זיי האבן זיך געפילט ווי שוין באזיגטע. זיי זענען געווען שרעקלעך נערוועז און אומבאהאלפן. די בהלה איז געווען גרויס. די יידן האבן נישט געוואוסט וואס צו טאן. וואוהין לויפן? און צו בכלל לויפן? זיי האבן נישט געקענט דעצידירן. זיי האבן זיך פארלאזט אויף א נס.

אונז, אלס ארבייטער פון דעם אנגעגרייפטן רעזשים, איז געווען קלאר אז מיר מוזען אוועק צוזאמען מיט אלע רוסישע אנגעשטעלטע. דער פלאן איז געווען איבערגיין קיין טיאופיפול טשאן אויף א פאר טעג און נאכער אפשר זיך אומקערן קיין לאנאוויץ צו אונזער משפחה. די צייט איז געווען קורץ. מיר זענען אוועק אין איילעניש.

איך בין אוועק מיט דעם אנטון, וואס כ׳האב געטראגן אויף זיך, געזעגענט האב איך זיך נאר מיט דער מאמען. דער טאטע איז געווען ביי דער תפילה מיט נאך יידן. כ׳האב אים נישט בעוויזן צו זוכן, האב איך זיך מיט אים נישט געזעגנט.

מיין מאמע איז געבליבן געפלעפט, ווען כ׳בין געקומען זיך געזעגענען. זי האט זיך נישט אריענטירט גלייך וואס ס׳קומט דא פאר און מסתמא נישט אפגעשאצט די מינוט מיט אלע אירע פאלגן. ווען זי איז א ביסל געקומען צו זיך, איז

זי גלייך געלאפן זוכן שלמה׳ן, צו געזעגענען זיך מיט אים און אפשר אים בעטן אז ער זאל אפהיטן איר טאכטער, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיי צוריקקערן מיט מיר.

שלמה איז שוין לײדער נישט געווען אין ביורא, האט זי פארחלש׳ט. דאס איז געווען אין דער רעגירונג׳ס ביורא. שלמה איז אוועק נאך פאר מיר מיט אלע אנגעשטעלטע, וואס האבן געוואוסט מער פון אנדערע, אז מ׳דארף וואס שנעלער אוועק. ער האט נישט באוויזן אפילו אנצוזאגן און בעזארגן עפעס פאר דעם אנטלויפן.

**בייע קאזאצקער**

זייענדיג אויסער דער שטאט איז אונז אלע קלאר געווארן, אז דאס איז ניט קיין רייזע אויף עטליכע טעג און אז אין טשאן וועלן מיר זיך נישט קענען פערהאלטן. ס׳איז אונז קלאר געווארן אז דער וועג איז א ווייטער אין א פרעמד־ווייט לאנד און אויף א אומבאשטימטער צייט.

די רייזע האט זיך געצויגן מיט בהלה און דעפרעסיע. אַלץ ארום האט דערדריקט, אבער מער פון אַלץ האט געווירקט אויף מיר דאס געזעגענען זיך. מיר זענען געפארן בעזונדער און שלמה בעזונדער. איינער האט נישט געוואוסט פון צווייטען, צו וועלן מיר זיך נאך אמאל בעגעגענען? און ווען? אט אזוי פלוצים, בין איך געבליבן זער איינזאם, אפגעריסן פון אלע וואס זענען מיר טייער געווען, איינזאם און פערלאזט.

אין וועג האב איך געפונען שלמה׳ן. דאס איז געווען אין איינע פון די באן־קנויטן. ער האט זיך דארט פארהאלטן צו צעטיילן דאס לעצטע געהאלט פאר די ארבייטער. אין זיינע הענט איז געווען די קאסע פון דער קולטור־ביורא, האט ער געוואלט געזעצליך דאס צעטיילן — אזוי האב איך אים געפונען.

ביי אונז איז אויך געווען א צופאל. א אוקראינישער בעל־עגלה, וואס האט אונז געפירט, האט פלוצים באשלאסן, אז ער איז נישט קיין מחותן אויף דער חתונה. ער האט מיט זיין פארגעפיל פארשטאנען, אז ער קאן נאך מיטגעשלעפט ניט האבנדיק געזינדיקט, האט ער צעבראכן עפעס אין זיין וואגן און האט מודיע געווען, אז מ׳קאן ווייטער נישט פארן. ער האט זיך צוריקגעקערט קיין לאנאוויץ.

ווען שלמה האט געענדיקט אויסצאלן ס׳געהאלט, האט יעדער גענומען זיינס און אוועק. און פלוצים זענען אלע פארשוואונדן און מיר זענען געבליבן אליין, פארלאזענע פון יעדן. אויך לאניוויצער חברים, וואס שלמה האט געזארגט, אז זאלן האבן א גראשן אין טאש, זענען נישט געבליבן. דאס האט אזוי געווירקט, אז איך האב אויסגעבראכן מיט א היסטערישן געוויין. מיר האבן נישט געוואוסט וואו זיך צו ווענדן. שלמה איז אויך געווען צוטומעלט. פלוצים איז צוגעקומען צו אונז בייע גאָלדנבערג (קוזאצקער) ער האט זייער רחמנות געקריגן

אויף מיר און, מיט שמחה ממש, געזאגט אז ער וועט אונז נישט פערלאזן, מיר זאלן נישט זארגן, ער וועט פארן מיט אונז. מיט אים איז געווען משה גרובר און ווילי, זיין פלימעניק, יוסי קליינמנ׳ס זון. אויפן וועג איז אויך צוגעקומען צו אונז שלמה׳ס שוועסטער, חנה. בייע האט אונז לייכטער געמאכט אונזער איינזאמקייט, און איך וועל דאס אים נישט פארגעסן.

**א רוסישער ייד וואס רעדט עברית**

אין א קרייץ־וועג נעבן בילאצערקווא האבן אונז געטראפן רוסישע סאלדאטן, וואס זענען צוריקגעקערט געווארן אין זייערע וואגאנען. פערשטעענדלעך, אז מיר האבן זיי נישט געפרעגט וואו זיי פארן און וואס איז זייער ציל. מיר זענען געפארן אן א ציל און אן א ריכטונג. דער עיקר איז געווען וואס מער זיך דערווייטערן.

אזוי פארענדיק זענען מיר אנגעקומען קיין אסטראכאן. די באפעלקערונג איז אונז אנטקעגנגעקומען מיט ברויט און וואסער. נאך טעג פון הונגער אוןליידען, וואס ס׳איז שווער פארצושטעלען, איז מיר די שטאט מיט אירע איינוואוינער איינגעקריצט אין זכרון פאר דער מענטשלעכע האנדלונג.

פון דארט זענען מיר מיט א שיף געפארן אויף דער וואלגא אין כספישען ים, און מיר זענען אנגעקומען צו א פארט־שטאט, מאחאצ׳־קאלא, וואס געפינט זיך אין קאווקאז. איך דערמאן דאס, ווייל דא זענען מיר געווען די ערשטע יידישע פליטים. און ווען מ׳האט אונז אוועקגעשיקט פון דארט קיין האסאוויורט, האבן מיר געהאט דעם כבוד אויך צו זיין די ערשטע אייראפעער אין דעם פלאץ. די איינוואוינער האבן דאס ערשטע מאל געזען אייראפעער.

דא האבן מיר נישט געוואוסט צו וועמען זיך צו ווענדן. מ׳האט אונז געלאזט אָן אנווייזונגען וואס צו טון און צו וועמען זיך צו ווענדן. מיר האבן זיך געווענדעט צו דעם שטאט־ראט. אויף אונזער מזל, איז דארט געווען א אנגעשטעלטער וואס האט געשטאמט פון דייטשלאנד (זיי האבן אים געהאלטן פאר א זייערן) ער האט באלד באמערקט, אז מיר זענען יידן און ער האט אונז געשטערט אין אלעמען, און אונז ספעציעל דערדריקט, און נאר געטאן אונז שלעכטס. צום סוף, האט ער אונז אוועקגעשיקט אויפן ערגסטן פלאץ.

יארן לאנג ווי ער האט זיך געפונען ווייט פון זיין נאצישער היים. יארן ווי ער האט זיך ערצויגן אין ארעזשים פון ברידערליכקייט און האט איינגעזאפט די קולטור זייערע — דאך ווען ער האט דערזען א ייד, האט זיך אין אים ערוועקט זיין נאצישע חיה׳שע נשמה.

פארשטענדלעך, אז מיר האבן זיך געגענגעשטעלט. אבער זיין בעציהונג צו אונז האט זיך נישט געענדערט און מיר האבן, ליידער, נישט געקענט ענדערן.

צו אונזער מזל, איז דארט געווען א ייד פון די בערג, וואס האט נישט געקענט איין וואָרט יידיש. אבער צום גרויס באוואונדערן, האט ער זיך געווענדעט צו אונז אויף... עברית! ער האט אונז געפרעגט די סיבה פון אונזער פערביטערטקייט

און אונז געווארנט, מיר זאלן מער זיך נישט ווענדן צו דעם דייטש. ווען ער האט געהערט, אז שלמה איז א פאכאווער בוכהאלטער, האט ער אים צוגענומען צו דער ארבייט אין זיין אפטיילונג, אין אגריקולטור־אמט.

אזוי זענען מיר פטור געווארן פון א נאצי אין סאמע מיטן רוסלאנד.

מיר, די פרויען, האבן געארבייט אין א ארטעל פון אינוואלידן. די בעציהונג צו אונז איז געווען אויסערגעוויינלעך. אין דער פארוואלטונג זענען געווען צוויי יידן: איינער א טאטארישער ייד און איינער א קאווקאזער. די אינוואלידן האבן ביי יעדער געלעגנהייט אונז געדאנקט פאר אונזער הילף וואס מיר געבן זיי.

אין א געוויסן טאג האט מען שלמה'ן איבערגעפירט אין פראנט צו דער ארבייט, אלס ציווילער געהילפס־בוכהאלטער ביים מיליטער. בין איך ווידער געבליבן אליין און צעטומעלט. די גרעסטע זארג אין מלחמה וואנדערונג איז די מורא פארבלייבן עלענד אליין, פאר פארלירן דעם קאנטאקט מיט די נאענטסטע. געוואוסט האב איך, אז געפירט האט זיי דער ייד פון די בערג, וואס רעדט עברית.

מיר האבן זיך דערוואוסט, אז ער איז געווען אמאל אין ישראל. זיין אלטער טאטע איז געווען פון די ערשטע „חובבי־ציון" דארט. איך האב באשלאסן צו פארן מיט שלמה'ן, דארט וואו ער איז אין פראנט. איך האב זיך פערלאזט אויף דעם יידישן בחור, אז ער וועט מיר ניש שטערן.

דאס איז געווען א אויסערגעוויינלעכער מענטש. נישט נאר ער האט מיר נישט געשטערט, פארקערט, ער האט מיר נאך צוגעגעבן מוט. די מענער זענען געגאנגען רייענווייז און איך — נעבן זיי. אזוי איז ער געווען שטענדיג נעבן מיר, געטרייסט מיך און געגעבן מיר האפענונג, אז אינגיכן וועלן קומען בעסערע צייטען.

### איך ארגאניזיר אונזער אנטלויפונג

ווען מיר זענען אנגעקומען צו א באן־סטאנציע, זענען אלע מענער ארויף אויף דער באן, נאר מיר האט מען נישט ערלויבט. כ'בין געבליבן אין דרויסן. ווידער איינזאם. באין ברירה האב איך געמוזט זיך אומקערן קיין חאסאוויורט — און צוריק צו מיין ארבייט. אויף צומארגנס האב איך געקריגן א אטאק פון שרעקליכע ווייטאגן. קיינער האט נישט געקענט פעסטשטעלען די אורזאך פון די ווייטאגן, אזוי האט עס מיך נישט אפגעלאזט טעג. אלע האבן געמיינט, אז איך ענדיג מיט'ן לעבן. אינצווישן האט דער פראנט זיך דערנענטערט צו אונז. די דייטשן האבן זיך געלאזט אויף באקו. גלייך האב איך פערגעסן אלע מיינע ווייטאגן און כ'בין געקומען צו זיך.

מיין ארטעל איז געווען אינגאנצן פון אינוואלידן, און ווען דער סארט באפעלקערונג האט געקריגן א באפעל — ארויסגיין העלפן די קעמפער און פערשטאפן דעם טייך — זענען ביי אונז אלע בעפרייט געווארן, אויסער איך און פנינה, די איינציקע געזונטע אויף דעם פלאץ. געארבייט האבן מיר אין

שרעקליכע בעדינגונגען. ס׳איז דארט געווען מיליאנען מיט קאמארען. קיין ברויט איז נישט געווען. דער טעמפּא פון דער ארבעט איז געווען זעהר א שטארקער און דאס פארגעפיל פון א מפלה האט געווירקט אזוי, אז דאס האט אויפגעפרעסן דעם מענטש. ביי דער ארבייט האב איך זיך דערוואוסט פון א רומענישען ייד, אז די דייטשן זענען זער נאענט און וואס דאס בעדייט. ער האט מיר דערציילט די גרויזאמקייטן פון די נאצי׳ס און פארענדיקט: — מיר זענען דארט ניצול געווארן פון זיי, אבער דא וועט ער אונז שוין פאקן.

דער יאוש וואס האט זיך ארויסגעפילט פון זיינע רייד האט מיר קלאר געמאכט אונזערע אויסזיכטן. איך האב זיך אנגענומען מיט קוראז׳ און כ׳האב ארגאניזירט א אנטלויפן פון דעם ארטעל. לפחות, ראטעווען די מענטשן, וואס זענען מסוגל צו לויפן. כ׳האב געוואלט זיך ראטעווען אויך. דעם וועג צום אנטלויפן האט אונז געוויזן א קאווקאזער פרוי, א געזונטע גויע פול מיט ענערגיע, וואס קען דארט יעדע סטעז׳קע. ס׳האט דערנאך אין וועג זיך ארויסגעוויזן, אז זי איז א יידישע פרוי. מיר זענען ארויס פון דארט באנאכט. די סכנה איז געווען גרויס. א טאג פריער האבן אייניקע מענטשין געפרייווט אנטלויפן, און די רעגירונג האט זיך דערוואוסט. מ׳האט געכאפּט. די מענטשן האט דערווארט א שווערע שטראף. דאך האבן מיר זיך איינגעשטעלט.

פערציק קילאמעטער זענען מיר געלאפן מיט איין אטעם-צוג. מיר זענען יעדעס מאל אריין אין די תבואות זיך באהאלטן. דער פחד אונזערער איז געווען א דאפעלטער. ווען מיר זענען געקומען צוריק קיין מאחצ׳-קאלא איז זי שוין געווען אינגאנצן צעשאסן פון געדיכטע באמבארדירונגען. מיר זענען געלאפן ווייטער, און איך האב זיך דערווייטערט פון שלמה׳ן. ווידער האב איך געפילט דאס שרעקלעכע איינזאמקייט. ס׳איז געווען שווער אויפן הארץ, אבער דער פחד און שרעק פאר דער קאטאסטראפע און חורבן, וואס דערנענטערט זיך, האט אונז געיאגט. כ׳בין געלאפן מיט מיין לעצטן ווילנס-קראַפט. צו מיין מזל, האט אונז שלמה דעריאגט.

יענער פראנט זייערער איז זיך צעפאלן, און די מענטשן, זענען זיך צעלאפן. שלמה האט געוואוסט אין וועלכער ריכטונג מיר זענען געלאפן, איז ער אויך געלאפן אהין און האט אונז געטראפן אויפן וועג.

מיר האבן זיך פערשריבן אין א קאראוואן, וואס איז געגאנגען קיין סיביר.

**סיביר**

קיין סיביר זענען מיר אנגעקומען ווינטער. די קליידער, וואס מיר האבן געהאט אויף זיך, זענען געווען זומערדיקע. מ׳האט אונז איינגעארדנט אין א שטאט מיט בעטען פון האלץ, איין בעט אויפן צווייטען. פון דארט האט מען אונז צעטיילט צו דער ארבייט. איך בין געגאנגען אין א וואלד זעגן בוימער און זיי אומווארפן. איינמאל, אין מיטן זעגן די בוימער, איז די זעג געבליבן שטעקן אין בוים, בין איך געווארן זער פערצווייפעלט. כ׳האב זיך אוועקגעזעצט

אין מיטן וואלד, א פערשוויצטע פון דער ארבייט, אנגעטון לייכט און אנגעפאנגען וויינען. כ'האב פשוט מורא געהאט צו קומען אהיים אן א זעג. צופעליק, איז אנגעקומען אַ גוי פון סיביר, אַ קרעפטיקער, אַ גרויסער, ווען ער האט מיך דערזען — און איך בין שוין געווען באדעקט מיט שניי און פראסט, ארום די אויגן און מיין צעשויבערטן קאפ — איז ער ערשיטערט געווארן. גלייך, האט ער מיט זיינע שטארקע הענד באפרייט די זעג, זי מיר געגעבן. בין איך געגאנגען אהיים רוהיג, און געווען אים זער דאנקבאר.

אין א שטיקעל צייט ארום האט מען אונז צעטיילט אין באראקן. מ'האט אונז קאנצענטרירט, אלע יידן, און ס'איז געווארן א בעסער געפיל.

**ער האט מיר געבראכט א „שלום"**

אין 1945 האבן מיר פערלאזט, סיביר, צוזאמען מיט אלע רעפאטריאנטן, און מיר זענען אנגעקומען קיין שצ'צ'ין אין פוילן, און פון דארט — קיין פפינדרוף, אין דייטשלאנד. איך ווייס נישט פארוואס, מ'האט אונז צעטיילט פרויען באזונדער און מענער באזונדער. דאס קאנצענטרירן פרויען באזונדער, האט אונז געבראכט פונדאסניי א געפיל פון געטא. איין פרוי האט געקריגן, א אטאק פון היסטעריע. אלע פרויען האבן זיך אנגעשטעקט מיט היסטעריע, אבער מ'האט זיך געהאלטן און נישט ספאזמירט. עס האט זיך אונז געדאכט, אז די לעצטע טעג וועלן אונז אומברענגען — און דווקא ביים סוף פון דער שרעקלעכער רייזע וועלן מיר אונטערגיין. מיר זענען געווארן פעסימיסטיש און זער ענטוישט.

און פלוצים, אין אַ שעה צוויי ארום, ווען מיר זענען שוין פאַרצווייפלט און ענטוישט פון לעבן האט זיך באוויזן אויף דער שוועל פון איין באראק א בחור, א שמייכעלדיקער א האפנונגספולער. ער האט זיך פארגעשטעלט אלס באלעק. ער האט זיך ארומגעקוקט, און ווען ער האט דערזען, אז קיינער איז נישטא אויסער אונז, האט ער געזאגט אייןווארט — „שלום".

און דאס ווארט „שלום" האט געטאן זיינס. מיר האבן דערפילט פלוצים, אז אונז איז שלום און גוט. דער שמייכעלדיקער בחור האט אונז געבראכט בטחון. דאס ערשטע עבריאישע ווארט, נאך אזא לאנגן גלות, האט אונז פערבונדן צו אונזער בשותפות'דיגע בעוואוסטזיין און ציל.

דא זענען מיר געראטעוועט געווארן. יעצט האבן מיר געפילט, אז מיר זענען צוגעקומען צו א גוטער ענדע פון אונזער אומגליקלעכער רייזע.

**שלמה טייטל (תמרי)**

## ערגענצונג צו בתיה׳ס זכרונות

ווען מ׳האט מיך גענומען אין פראנט אלס ציווילער ארבייטער, און ווען מיר זענען אנגעקומען צו אונזער בעשטימטן צוועק, האבן אונז גלייך די דייטשן באמבארדירט און עס איז געווארן א ווירוואר און א פאניקע. יעדער איז געלאפן אין אן אנדער ריכטונג. איך בין געלאפן צו מיין ווייב קיין חאסאוויורט. דער וועג איז געווען שרעקלעך, די באמבעס זענען געפלויגן אין דער לופט און אַלץ האט געברענט. איך בין געלאפן — און דאס פייער נאך מיר. געלאפן בין איך מיט מיינע לעצטע כוחות, און ווען כ׳בין געבליבן אינגאנצן אן כוח, האב איך זיך אוועקגעלייגט א ביסל אפרוען. געלעגן בין איך אליין, עלענד און איינזאם, אויף א סטערטע פון תבואה, און נישט געוואוסט אין וועלכער ריכטונג כ׳זאל לויפן.

איין תפילה האב איך געהאט: אויב עס איז גוזר געווארן אויף מיר צו שטארבן אזוי, זאל איך כאטש זען מיין משפחה פריער.

אזוי בין איך געלעגן שעה׳ן לאנג אין אַ לאגע פון אונטערגאנג. אלע מיינע חושים זענען פארנעפעלט געווען, נאר די איינציגע תפילה האט מיך נישט אפגעלאזט.

דערווייל איז געווארן נאכט. איך בין איינגעשלאפן. דאס פייער האט מיך געווארעמט און פארשלעפערט. פארטאג האב איך זיך אויפגעריסן פון שלאף און ווידער געלאפן. נאך א ביסל לויפן, בין איך אנגעקומען אויף א פוסטן פלאץ און אנידערגעפאלן א שוואכער, א קראפטלאזער.

ווען כ׳האב אנגעפאנגען זוכן די סיבה פארוואס כ׳האב געפאלן, האב איך דערזען, אז מיינע פיס זענען געשוואלן און איך בין ניט מסוגל א ריר טון מיט א פוס. דאס מיליטער, וואס האט געהאלטן אין איין שטראמען, האט מיך באמערקט ליגען, האבן זיי מיך גענומען מיט׳ן רויטן קרייץ צו זייערן א נאענטען פונקט. מער ווי איין נאכט האב איך דארט נישט געקענט רוהען, ווייל די דייטשן זענען דערווייל אונטערגעקומען און געמוזט ווידער לויפן.

פון דארט, בין איך מיט נאך מענטשן געפארן מיט דער באן קיין חארקוב. מיר זענען דארט געבליבן א פאר טעג אין א ווייטן מיליטער־לאגער.

*

איין טאג האט מען אונז געמאלדן, אז ווער ס׳וויל קאן מאבילירן צום פוילישן מיליטער, וואס ווערט ארגאניזירט אין רוסלאנד. איך האב זיך פערשריבן און מ׳האט אונז געבראכט אין א רעקרוטען־לאגער. דארט האבן דאקטוירים אונז אונטערזוכט. דאס אונטערזוכן פון די צוואנציק בחורים האט גענומען ביי זיי דריי־פיר טעג, מיט א נייגונג פטור צו ווערן פון יידן. פון

אונז אלע האט מען נאר איינעם צוגענומען. פארשטענדלעך אז מיך האט מען אויך געפסל׳ט. מיט מיר איז אויך דורכגעפאלן די קאמיסיע צ׳איצ׳יניעצקי פון וויזשעראדיק און ווארגא דער ווארשאווער. מיר האבן געקריגן ערלויבענישן און א פאראָרדנונג אומצוקערן זיך קיין רוסלאנד. אזוי זענען מיר פארפארן קיין טאשקענט. דארט האב איך געזוכט א וועג צו מיין משפחה. כ׳האב געשריבן בריוו און געווארט.

קלאנגען זענען ארומגעגאנגען, אז קאווקאז איז באמבארדירט. און איך מיט מיינע געשוואלענע פיס האב יעדעס מאל געדארפט לויפן צום רויטן קרייץ. דארט האב איך געקריגן א בריוו פון בתיה׳ן אז אמת דאס פלאץ איז באמבארדירט און זיי ווארטן אונגעדולדיק אויף מיר, כדי צו לויפן ווייטער, אבער צוזאמען.

**יוסף ווינער**
(קאנאדא)

# איך קאן דערציילן וועגן סאוויעטן רעזשים

נאך מיין ענדיקען די שולע אין לאנאוויץ האב איך אנגעהויבן העלפן מיינע עלטערן אין דער פרנסה. געקריגן ארבייט האב איך ביי אשר בריליאנט אין זיין הורט־געשעפט פון בוימעל, נפט און אנדערע פראדוקטן. און ווען די רוסן זיינען אריינגעקומען קיין לאנאוויץ בין איך געווען כשר למהדרין — א ריכטיגער פראלעטאריער. האט מען מיך געשיקט אלס מומחה פון געוועלבן צו פירן פרידה שמילעכעס געשעפט. צוזאמען מיט איר האט דארט אויך געארבעט רחל באבע עוזיאל'ס. פון דארט האט מען מיך איבערגעפירט אנצופירן ערשיל קאגאנ'ס מחסן פון תבואה, וואס זיי האבן אים קאנפיסקירט. פירענדיג דאס געשעפט איז מיר אויסגעקומען ארומצופארן צוליב קניות, און מערסטנטייל בין איך געפארן קיין טארנאפאל, דארט איז געווען א הויפט מחסן פון די רוסן, א מין „משביר", וואס האט געדינט פאר דער אומגעבונג. און כ'בין געווען א גאנצער פארטרויי־אונגס־מאן ביי די רוסן.

אין 1941 האט מען מיך מאביליזירט צו דער רוסישער ארמיי. נישט יעדער האט זוכה געווען צו אזא כבוד. איך האב זיי אויסגעזען א כשר'ער טיפ מאנשי שלומנו. אבער, נאך צוויי דריי וואכן האבן זיי מיך צוריק געפאדערט צו מיין פונקציע אלס אנגעשטעלטער און אויסגעוויילטער. אין איין נאכט־פארווילונג (וואס די רוסן פלעגן מאכן פארדער יוגנט) ווען כ'בין געווען פערטיפט אין טאנצן, איז צו מיר צוגעקומען איצק'ל שמוך, וואס איז געווען דאן נאמינירט אלס בירגער־מייסטער, האט מיר געגעבן א קלאפ אין פלייצע, אוועקגענומען מיך אין א זייט און מיר געזאגט:

לאז איבער דאס און גיי מאכן אלע פארבערייטונגען צום פארן מארגן אין פראנט. זיין געהיימע ידיעה האט מיך זייער געוואונדערט, ווייל ס׳איז פונקט געווען נאך דעם הסכם פון דייטשלאנד מיט רוסלאנד און קיין שום פראנט איז נישט געווען אין האריזאנט. אבער אין דעם רעזשים האבן מיר געלערנט נישט פרעגן קיין פראגן נאר טון וואס מ׳הייסט, כ׳בין אוועק. אינדעפרי, ס׳איז געווען א קאלטער ווינטער פרימארגן, האב איך זיך געזעגנט מיט מיין מאמען (דער טאטע מיינער איז שוין געווען טויט, ער איז געשטארבן פון זיין אסטמע). און מיט מיינע ברידער און מיט א שווער הארץ בין איך אוועק. מיט מיר איז אויך געפארן אברהם מאטל פאסאלסקי׳ס א ברודער, א זון פון דעם טויבן שוסטער.

✶

פון דאן האב איך לאנאוויץ מער נישט געזען, אויך נישט מיין מאמען מיט מיין ברודער. א געוויסע צייט האב איך נאך געהאט א פארבינדונג מיט מיין משפחה. מיין מאמע, וואס האט מיך געקענט און האט געוווסט, וואס פאר א מפונק כ׳בין אין עסן, האט פארשטאנען, אז כ׳קען נישט עסן די מאכלים פון מיליטער, פלעגט זי מיר צושיקען פעקלעך אין ארמיי. צוויי מאנאט בין איך געווען אין ארמיי און מ׳האט מיך געשיקט אין פראנט. דארט האט מען מיך געפסל׳ט צוליעב זייערע סיבות. געהייסן האט עס „א אונפערטרויליכער״. האט מען גלייך אוועקגענומען פון מיר דעם מונדיר פון דער רויטער ארמיי, אוועק־גענומען פונ׳ם פראנט און מיט ציוויל אנטון, געשיקט מיך אין טיף רוסלאנד, נאענט קיין מאסקווע. ווען כ׳בין פארענדיק אנגעקומען קיין סמאלענסק, איז זי שוין געווען ארומגענומען מיט פלאם, האט מען אונזער שאלאן אוועקגעשיקט 90 קילאמעטער ווייט פון מאסקווע, אין א שטעטל וואס הייסט וויאזמע.

דעם גאנצן וועג האבן מיר געמאכט אן עסן און צופוס, באנאכט זענען מיר געגאנגען און בייטאג זענען מיר געשלאפן. עסן האט מען אונז צוגעזאגט, אבער יעדעס מאל, צוליב פערשידענע סיבות, האבן מיר נישט געקריגן. באשפייזט זענען מיר געווארן פון וואס ס׳איז געקומען אין האנד. מיר זענען געווען מיד, פערמאטערט, הונגעריג און דערשעפט. אזוי האבן מיר זיך געשלעפט זעקס וואכן.

ווען מיר האבן שוין דערלעבט צו זיין אין וויאזמע, האט מען אונז געשיקט מיט דער באן קיין גארקי (פריער ניז׳ני נובוגורוד) דארט האבן מיר געקריגן א ביסל עסען און געבליבן ארבייטן אין א פאבריק פון מאשינען.

די ארבייט איז נישט געווען פון די לייכטע, און דאס עסן איז געווען בצמצום. אזוי ווייטער האבן מיר נישט געקענט אויסהאלטן, האבן מיר אנגעפאנ־גען צו פערקויפן קאלדרעס, כדי צו קענען זיך אויסהאלטן. דער שווארצער מארק בליעט שטענדיג אין רוסלאנד — דאן האט ער ספעציעל געבליעט. פערשטענדלעך אז לייכט איז דאס אונז נישט אנגעקומען. מיר האבן דאס געמאכט גייענדיק צו דער ארבייט. געפירט האט מען אונז גרופענוויז, איז אלע מאל האט זיך

איינער פון אונז ארויסגעגנב׳ט פון דער ריי, צוריקגעלאפן אין אינטערנאט, ארויסגעשלעפט אַ בעט, אַ מאטראַץ, אַ קאלדרע און נאך זאכן, און דאס פארקויפט פאר א ברויט אדער א „לעפיושקע" (א פיתה). צום סוף האט זיך דאס אַלץ אויסגעלאזט. ס׳איז שוין נישט געווען וואס צו פערקויפן. מיר האבן דאן געציילט דריי טויזנט מענטשן, און אונזער לאגע איז געווען קאטסטראפאל. מיר האבן נישט געהאט אויף וואס צו שלאפן, אבער דאס האט אונז נישט בעזארגט. נאך א טאג ארבייט, וואס האט גענומען קילאמעטערס זענען מיר שוין געשלאפן שטייענדיג אויך. דער עיקר איז געווען ברויט — ווו נעמט מען ברויט ?

צו מיין מזל איז מיין קאמאנדיר געווען אַ ייד, אַ גוטער בחור פון מאסקווע, א לייטענאנט פון זיין ראנגע און ער האט מיר געליען געלט צום לעבן. ביז היינט בין אים שולדיג געלט. איך בין זיכער אז ער איז מיר מוחל און נישט ברוגז, ווייל דאס איז געווען א גוטער ייד מיט אווארעם הארץ.

אין משך פון דער צייט האבן מיר אויך די בלוזן אנגעפנגען צו פארקויפן. ארויסגעגאנגען אויפן מארק זענען מיר מיט דער בלוזע און צוריקגעקומען האלב־נאקעט. איינמאל, ווען מיר האבן שוין נישט געהאט וואס צו פערקויפן — הונגעריק בין איך געווען ביז פארצווייפלונג — בין איך אריינגעגאנגען אין ביורא. דער קאמאנדיר איז נישט געווען. אויפ׳ן הייגער איז געהאנגען זיין בלוזע. ס׳איז מיר דורכגעלאפן א געדאנק, אזוי ווי זי זאל האבן געטון א ווונק צו מיר: קום און נעם !

כ׳האב דאס געטון. אין קעשענע פון דער בלוזע איז געווען געלט. כ׳האב ארויסגענומען ביי אים 1600 רובל. מיין פרייד איז געווען גרויס. ווען איך בין ארויס פון דארט איז ער פונקט אריין. ווען ער האט געזען אז עס פעלט אים דאס געלט, האט ער גלייך זיך געווענדעט צו מיר און האט געפרעגט מיט איידעלקייט און טאקט: צו אפשר האט ער א טעות אדער ס׳דאכט זיך אים א. א. וו. האב איך אים געענטפערט, און איבערלייגיקייט, נאכוואס דארפסטו פארשן ? ווער ס׳האט גענומען דאס געלט האט עס מסתמא נויטיג געדארפט, און ער וועט עס דיר אפגעבן נאך דער פארשאלטענער קריג. פארשטענדלעך, אויב ער וועט בלייבן לעבן. דאס איז זיכער. ער איז אוועק...

ווען מ׳האט באמערקט, אז מיר האבן פארקויפט פערזענלעכע זאכן, איז שוין געווען שפעט. מיר האבן אלע בעטגעוואנטן, וואס מיר האבן געקריגען, שוין דאס דריטע מאל פארקויפט. מ׳האט אונז געגעבן אַ שטראַף און פארשווערט די ארבייט׳ס באדינגונגען. מיר, פינף הונדערט מענטשן, זענען איבערגעפירט געווארן טיף אין וואלד — זעכציק קילאמעטער פון גארקי.

דארט האבן מיר געארבייט ביי שניידען בוימען און זיי אומווארפען. מיר האבן געארבייט לויט א נארמע, וויפל מיר האבן באוויזן אזוי פיל עסן האבן מיר געקריגען. איך בין געווען יונג ; געזונט און אויסגעצייכנט זיך אין דער ארבייט. אזוי אז קיין עסן האט מיר נישט געפעלט. נישט וויכטיק ווי דאס עסן האט אויסגעזען. אזוי איז אוועק א יאר צייט, אין די וועלדער, מיט שווערע

קאטארז׳נע ארבייט און אין אונמענטשלעכע באדינגונגען. טאג איין טאג אויס האב איך געזוכט געלעגענהייטן זיך ארויסראטעווען פון דארט און ס׳האט זיך מיר נישט איינגעגעבן.

איין מאל איז געקומען אין לאגער א דירעקטאר, וואס האט געדארפט אינסטאלירן א ליניע פאר טעלעפאן, אנציען דראטען און שטעלן סטופעס או. א. וו. איך האב זיך אנגעגעבן פאר א מומחה. פיר מאָנאַט האב איך געארבייט ביי דעם נייעם „פאך״ און ס׳איז געווען גאנץ גוט. איך האב געצויגן די ארבייט אויף וויפל ס׳האט זיך נאר געלאזט אויף יעדן פלאַץ. אנשטאט צוויי טעג, בין איך געווען דריי וואכן. אינצווישן האב איך מיר געשאפן קאנטשאפט ביי די קאמאנדירער, זיי האבן גארנישט געטון — און איך דאס זעלבע. זיי האבן געהאלטן אין איין רעדן און אויך איך האב גערעדט. זיי האבן ליב אזעלכע מענטשן, זיי האבן ממש געזוכט מיט ליכט אזעלכע סאבאטאז׳ניקעס, וואס נעמען אַן נישט ערענסט די ארבייט פאר׳ן רעזשים. פון דרויסן האט דער רעזשים אויסגעזען זער שטרענג, פינקטליך, פאראנטווארטליך און אַלס אויספירבאר, אבער אין דער אמת, אויב איינער אזא איז געווען האט מען פון אים געלאכט אין יעדן ווינקעל. דו מוזט זיין א חברה׳מאן כדי ס׳זאל זיין גוט דיר — און צוליב דיר, אויך דיין אויפזעער א. א. וו. דאס איז רוסלאנד.

זיי זענען געווען זער צופרידען, וואס א דאנק מיר דארפן זיי נישט וואנדערן אויף אן אנדער און אונבאוווסטן פלאץ און אנפאנגען אלץ פונדאסניי. דא האבן זיי זיך שוין איינגעבירגערט. פאר א פלאש יי״ש, וואס כ׳האב געקריגן און געגעבן דעם גרויסן און הויפט־קאמאנדיר, איז ער געווען מיינער.

אַ מגושמ׳דיקער און דורכגעטריבענער, כיטרער גוי איז דאס געווען. מ׳האט מיך איבערגעפירט ארבייטן מיט א לאסט־אוטו, פירן פארשידענע פראוויאנטן פאר די ארבייטער אין די וועלדער. דאן האט זיך די לאגע פון די קאמיסארען געבעסערט און... אויך מיין לאגע איז געווארן פיל בעסער.

אמאל בין איך געפארן קיין ארזמט, בערך אַ 300 קילאמעטער פון גארקי, מיט מיין אויפזעער אויף די אלע זאכן וואס מ׳האט געדארפט קויפן. פאר־שטענלעך, אז איך פיגוריר אלס געוויינלעכער שאפער. מיר שטעלן זיך אפרוען פון דער גרויסער היץ, קויפן א ביסל קוואס קאלטן, צו דערקוויקן די נשמה — זעען מיר צוויי טאנקען, און נעבן זיי שטייען צוויי אפיצירן אין א קאמופלאז׳ אנטון. איך געדענק נישט גענוי פארוואס און ווי אזוי ס׳איז געשען, אבער זיי האבן זיך אנגעטשעפעט אין מיין אפיציר, אז ער איז א ייד און אים אנגערופן זשיד. ער איז טאקע געווען א ייד, האט מען אים געגעבן א פאטש אין געזיכט אריין און אוועקגעווארפן זיין היטל אויפ׳ן דאך. מיר זענען געווען פיר יונגען און מיר זענען אריין אין עסק פון אפרעכענען מיט די גויים. זיי האבן אריינגעכאפט א גוט ביסל קלעפ פון אונז און מיר האבן געמיינט, אז עס האט זיך אלס שוין איינגעארדנט. האט מען פלוצים געהערט א פייף. ס׳זענען אויס־

געוואקסן 60 טאנקיסטן. פארשטענדלעך, אז מיר זענען אנטלאפן צופוס און זיך בעהאלטן אין וואַלד. פון אונזער באהעלטעניש האבן מיר געזען אז זיי זענען זיך צופארן מיט די טאנקען. דאך, האבן מיר געווארט דריי שעה און מיר האבן נישט געוווסט צו זאלן מיר גיין אין דער זעלבער ריכטונג ווי זיי זענען געגאנגען. מיר האבן מורא געהאט. דאך זענען מיר געגאנגען אין דעם זעלבן וועג. אויפ׳ן וועג האבן מיר געמוזט קויפן זאכן. נאך 8 קילא־מעטער האט אונז פארהאלטן א סאלדאט און אונז געבראכט אויף א פלאץ וואו ס׳זענען געווען די טאנקען מיט די סאלדאטן, און מ׳האט אנגעפאנגען אונז פארשן און בודק זיין די פאפירן. עס איז אונז געשען א נס און מ׳האט אונז אפגעגעבן די פאפירן און ערלויבט צו גיין — און געבעטן ענטשולדי־גונג. אין משך פון דער פארשונג האבן די אפיצירן אראפגעווארפן די קאמו־פלאז׳ קליידער און ס׳האט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי זענען אונטער־קאלאנעלען. זיי האבן, ווייזט אויס, זיך פארגאלאפירט און געוואלט פאררירכטן דעם איינדרוק.

✶

ביי דער ארבייט האב איך ביז׳ן סוף מלחמה געארבייט. כ׳האב אנגעפאנגען אין 1945. אינצווישן האט מען מיך גערופן אין מיליטער. מסתמא האט זיי געפעלט קאנאנען־פלייש — בין איך געווארן כשר. מ׳האט מיך געזאלט שיקן אין פראנט. אין רעקרוטן־אויפנעם זענען מיר געשלאפן אויף ברעטער און די זעקאלאך מיט עסן האבן מיר געלייגט צוקאפנס, אנשטאט קישנס.

מ׳האט אונז דארט געמאטערט ביז צום טויט. איך געדענק, אז א מאל איז אריין א מויז אין מיין זעקעלע פון עסן און האט דאס געגריזשעט א גאנצע נאכט און איך, פון צופיל מיד זיין, האב בכלל נישט געהערט. אויסער דעם זענען דארט געווען שרעקליכע בעדינגונגען, א טומעל, א מישמאש און א אונ־ארדענונג. בכלל, ווען ס׳עקזיסטירט א רעזשים פון באגלויבטקייט, א רעזשים, וואס מ׳מוז אננעמען אן קריטיק און פאנאטיש, אַלץ וואס די אויבערשטע טוען ערלויבען זיך די פירער פון רעזשים פערשידענע נאכלאסיקייטן, און דער מענטש דארף אַלץ אויסהאלטן מיט פאנאטישער התלהבות.

אויף מיין מזל האב איך זיך צוזאמענגעברידערט מיט א פארוטשניק און פאר צוויי טויזנט רובל האָט ער מיט מיר אויסגעארבעט א „באגרינדעטע" טענה, אז איך קום פון פוילען (נישט פון אוקראינע) און כ׳וויל יעצט גיין זיך מאבי־ליזירען אין פוילישן מיליטער.

זיין פלאן איז געווען א ווייטזיכטיגער, לויט איר וועל איך נישט גיין אויך אין פוילישען מיליטער. קודם כל, ארויס פון איין צרה. דאס פוילישע מיליטער איז געווען צו ווייט פון דאנען.

כ׳האב געקריגן א צייגעניש, אז כ׳דארף בלייבן דא, ביז מ׳וועט מיך רופן צום מיליטער. די פאפירן, די באווייזן זענען אוועק וואנדערן און

געפונען דאס פוילישע וואויסק. איך אבער, בין געבליבן אויפן פלאץ „העלפען" מיינע אויפערלייגטע און ברענגען זיי „נוצן"....
כ׳בין געראטעוועט געווארן פון צוויי מיליטערן.

✶

דאס אַלץ שרייב איך אין גרויסע בענקעניש צו מיין שטעטעלע לאנאוויץ און צו אלץ וואס איז אין דעם.ביים אפשיען פון איר זכרון פארציכט איך אויף אלע מאדערנע רעזשימען, פון וואס פאר א סארט זיי זאלן נישט זיין.

לאנאוויץ איז מיר געווען תמיד טייער. אבער נאך טייערער איז זי מיר געווארן אין די ברייטע סטעפן פון רוסלאנד. כ׳האב געזען ווי ארענטליך, מיר יידעלעך, זענען געווען אין אונזערע יידישע אינערליכע אדמיניסטראציעס, מ׳שטיינס געזאגט. און ס׳בענקט זיך נאך א יידישער ארדנונג.



...לאנאוויץ וואס איז מיר טייער געווען

יצחק ווײַנשטײַן
(איציק'ל בעניעס)

## ס'האט מיך געצויגן...

אין 1941 האט מיך די דײַטש-רוסישע מלחמה געטראָפן אין סטאַניסלאַוואָו, וואו כ'בין געווען אין שליחות פון דער רוסישער מאַכט, כדי צו ווערבירן אַרבעטער, ספּעציעל אוקראַינער, אין די נאַפט-גרובנס פון באַקו, קאַווקאַז.

כ'בין נאָכדעם פאַרשלעפּט געוואָרן מיט דעם געוואַלדיקן שטראָם פון דער בלוט-קאַטאַסטראָפע, אַלס רויט-אַרמייעץ, אין פאַרשידענע פראָנטן פון ערשטן און צווייטן אוקראַינישן גענעראַל-פראָנט.

אין 1943 ווען וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ האט געשאַפן אירע פּוילישע לעגיאָנען, בין איך מיט דער ערשטער פּוילישער אַרמיי א. נ. פון טאַדעאוש קאָסצ'יושקאָ, איבערגעגאַנגען קיין פּוילן דורך וואָלין.

זײַענדיק אין קיווערץ נעבן לוצק, האָב איך באַשלאָסן אַרײַנפאָרן קיין לאַנאָוויץ, באַזוכן מײַן געבורסט-שטעטל.

קיין סך קאָנקרעטעס וועגן דער קאַטאַסטראָפע האָב איך נישט געוואוסט. פּוילישע טעאַטערס האָבן פאָרגעשטעלט קונסטפאָרשטעלונגען איבער ברענענדע שטעט און דערפער, איבער גאַסן-מאָרדן, ספּעציעל יידישע מארד קרבנות. צײַטונגען אין רוסלאַנד האָבן דערציילט גרויזאַמע פאַקטען פון דער דײַטשער אָקופּאַציע אין זייער רוסישן איבערטרײַבענעם באָמבאַסטישן סטיל. איך האָב עפּעס יאָ געגלויבט און נישט געגלויבט. אַלענפאַלס, אויף אַזויפיל כ'זאָל זיך קאָנען פאָרשטעלן דעם גרויזאַמען אמת האָב נישט געגלויבט, ווײַל כ'האָב אפשר נישט געוואָלט גלויבן.

כ'האָב ממש נישט געהאַט קיין ריכטיקע פאַקטן אונטערשלאַק, כ'זאָל קאָנען האָבען א האַנונג איבער דעם.

ס'איז געווען א זומער-טאָג. וואָלין מיט איר שוואַרץ-באָדן האָבן מיר דערטראָגן ריחות פון מײַן געבורטס-אומגעבונג. ס'האַרץ האט געבענקט קיין לאַנאָוויץ.

*

כ'בין געווען אָפיציר אין דער אַרמיי. כ'האָב געוואוסט אַז ס'וועט מיר זײַן שווער זיך אָפּרײַסן פון מײַנע פליכטן אין מיליטער, דאָך בין איך אוועק צום אויבער-קאָמאַנדיר, אים דערציילט וואָס ס'טוט זיך בײַ מיר אין האַרצן. כ'האָב אים געבעטן ער זאָל מיר ערמעגליכן פאָרן זען, אויב ס'איז ווער געבליבן פון מײַנע נאָענטע און פרײַנט, אפשר נויטיקן זיי זיך אין הילף און אפשר אין שוץ, אפשר זענען זיי אין לעבענס-געפאַר און הונגער-נויט.

און א וואונדער — נישט נאָר ער האט מיר ערלויבט צו פאָרן, נאָר ער האט מיר

נאך מיטגעשיקט צוויי באוואפענטע זעלנער. די קריג איז נאך אנגעגאנגען דא און דארט און מ׳קאן נישט וויסן וואו די געפאר איז.

כ׳בין אוועק פון סקיווערץ קיין לוצק, פון דארט דורך ראוונע, קרעמעניץ קיין לאנאוויץ מיט א פערד און וואגן.

✶

זייענדיק אין לוצק, בין איך ארומגעלאפן נישטערן, זוכען יידן. די שטאט איז געווען אין רואינע. כ׳האב נישט געזען קיין מענש אין דער גאס. אויסער די רויט־ארמעע און פוילישע זעלנער, וואס האבן סטאציאנירט ארום דער שטאט אין די וועלדער און די פארשטעט — איז קיין לעבעדיקער נפש נישט געווען אין שטאט און ארום.

אבער אויף דער באן האב איך געטראפן א מענטש, אן אלטז, אן איינזאמען, וואס איז געזעסן איינגעהילט אין זיין געדיכטן פחד, כ׳האב דערקענט אין אים דעם ייד. ס׳האט זיך אויסגעלאזט, אז ער הייסט יוסף קאפלאן. ער איז פון פאמיערובקא, פאזנאניער געגענד. מיט דער ערשטער איינוואנדערונג פון די דייטשן איז ער אוועק קיין וואלין און אויסגעווען די גאנצע דייטשישע אקופאציע אין לוצק. א פוילישע משפחה האט אים געמאכט א גרוב ביי זיך אין הויף, נעבן אן אפטריט, און דארט אים אויסגעהאלטן מיט עסן, ביז איצט. צוריק מיט א פאר טעג האבן אוקראינער אויסגעשאכטען די פוילישע פאמיליע און איצט איז ער אליין. ער ווארט אויף א מעגליכקייט פארן צו זיך אין געגענד, זוכן רעשטלעך פון זיין פארגאנגענהייט. געוואוסט האט ער גארנישט איבער דער אויסראטונג. אבער גלייך מיט מיר האט ער געזען איצט אז לוצק איז שוין מער נישטא — נישט אירע שטיבער, נישט אירע יידן.

ראוונע קרעמעניץ האב נישט געזען. מיר זענען געפארן מיט איבערכאפטע מאשינען און זיי זענען געלאפן אן אפשטעל. די הויכן און קלאנגען פון דער מלחמה האבן זיך נאך געהאלטן אין איין הערן. מ׳האט נישט געטארט אפשטעלן זיך.

קיין לאנאוויץ בין איך אנגעקומען ארום איינס א זייגער בייטאג. די רויט־ארמעאישע מאשינען זענען געגאנגען קיין יאמפאלע. מיך האבן זיי אראפגעלאזט נאך וואליצע, נאענט צו דער לאנאווצער באן.

גייענדיק צופוס ארויף אין שטאט אריין האב איך דערזען טעאדארע גאדאמסקי קארטשאטשיכעס שוועגערין. זי האט מיך דערקענט און פארחלש׳ט. דער מאן איז ארויס, זי אפגעראטעוועט און מיר זענען פארבעטן געווארן צו זיי אין שטוב אריין, וואס איז געשטאנען נאך איציק־אליה׳ן אויף דער „בלאטע״.

גאדאמסקי האט אונז געווארנט מיר זאלן זיין פארזיכטיק, ווייל די אוקראינישע באנדעס בושעווען ארום שטעטל און הרגענען רוסישע פוילישע אפיצירן.

מיר האבן איבערגענעכטיקט ביי זיי אין שטוב. די פרוי האט אנגענומען פארזיכטס־מיטלען, ס׳זאל זיך די זאך נישט דערוויסן צו די אוקראינער, מ׳זאל זיי נישט אונטערצינדן. דאס אלץ ווען גאנץ לאנאוויץ, וואס ס׳איז געבליבן פון דעם איז געווען באזעצט ענג דורך דעם רוסישן שטאב.

איציק אליה׳ס שטוב איז געווען א קופּע פּאַרוואַקסענע גרוזן. ווייטער, נאָך איר איז אַלץ געווען אָפּגעוויטש. רואינען זענען געלעגן און מיר דערמאַנט אַז דאָ איז אַמאָל געווען ריבצ׳.

אויפצומאַרגנס, בין איך אוועק אין רוסישער קאָמענדאַנטור, וואָס האָט געוואוינט אין דער אַלטער שולע, געבעטן אַ גרעסערע באַגלייטונג. זיי האָבן נישט געוואָלט הערן דערפון. אין געגענטייל, זיי האָבן מיר געראָטן נישט „קריכען״ אין ערגעץ. אוועק פון דאַנען ווייטער. און דער עיקר „זיי זענען נישט פאַראַנטוואָרטליך פאַר אונז״.

דאָך בין איך אוועק אין שטעטל אַריין.

פון גאַדאַמסקען האָב געוואוסט, אַז די אוקראַינישע משפחות: הרוץ, פּרימאַס, סאַמאַליצקי און בוטענקאָ זענען געווען אין דער דייטשישער פּאָליציי און געשטאַנען אין דער שפּיץ פון די אוקראַינישע אויסראַטונגס באַנדן, וואָס האָבן געשאָכטן יידן. אינגאַנצן זענען געווען צוויי דייטשן אין שטעטל און די גאַנצע „מלאכה״ האָבן געמאַכט די אוקראַינער. (אינטערעסאַנט, אַז דער בוטענקאָ איז יעצט גלח אונטער ווי‍זשעגראַדעק. און דער הויפּט באַנדיט מישקאָ הרוץ, האָט זיך באַוויזען אויסצובאַלטען און אַפילו נישט געקומען צו געריכטליכע אויספאַרשונגען).

*

ס׳ערשטע בין איך אוועק אויפן הייליגען אָרט. ס׳איז געווען ממש אַ סכנה. די זעלבע נאַכט האָבן די אוקראַינער אין קאַזאַצ׳קי דערמאָרדעט אַ רוסישן אָפיציר און די רוסן האָבן גאַנץ קאַזאַצ׳עק פאַרברענט שפּעטער. דאָך בין איך געגאַנגען אַהין, וואו מיינע לאַנאָוויצער טייערע זענען געווען פאַרגראָבן.

אַלעקסאַנדער דער בלינדער, וואָס האָט נאָך געלעבט, האָט מיך דערקאַנט. ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען און מיך ממש געבעטן כ׳זאָל אוועק פון דאָרט. כ׳בין צו צו די גריבער. ס׳האָט נאָך די ערד „געאָטעמט״. כ׳האָב געפילט ווי ס׳וואָלטן נאָך אונטער איר געשטיקט זיך די יידישע לעבנס וואָס ווילן נאָך לעבן. לעבענס פון קינדערלעך און מיידעלעך און ווייבער און מענער. כ׳האָב געקריגען אַ היסטעריקע און פאַלענדיק אויף דעם „וואָרעמען״ באָדען האָב איך פאַרחלש׳ט און... כ׳האָב זיך ווידער אויפגעכאַפּט אין גאַדאַמסקי׳ס שטוב. קיינער האָט מיר נישט דערציילט ווער האָט מיך אַהין פאַרטראָגען צוריק.

*

אינצווישן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ס׳איז נאָך דאָ אַ אידיש מיידל, פּאַוולושעס זון. אויך אַ רוסישער אָפיציר, אַ אָנגעקומענער אין לאַנאָוויץ, האָט עס מיר דערציילט. כ׳בין אוועק צו מיקיטע דידוך האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַ וויזשעראַדאַקער מיידל און זי איז ביי אילקע דידוך אין שטוב.

כ׳האָב זי געטראָפן זיצנדיק אויף אַ קאַנאַפּע, אַ דאַרינקע, אַ אויסגעמאַטערטע. זי האָט זיך דערשראָקען פאַר מיר, ווייל זי האָט מיך נישט דערקענט. זי האָט גע־רעדט אוקראַיניש און איבערגעשראָקן געהאַלטן אין איין זאָגן, אַז זי איז אַ

אוקראינקע. אבער כ׳האב זי באַרוהיקט און זי האט זיך מודה געווען, אז זי הייסט סובול און זי האט געוואוינט נעבן מיין מומען אין וויזשעראַדיק. (יעצט איז זי דא אין ישראל און הייסט פוקס, משה׳ס ווייב).

לאנג זענען מיר געזיצן און גערעדט. זי האט מיר דערציילט, אז זי קומט יעצט פון ווישניוויץ, וואו זי איז געווען די גאנצע אויסראטונגס תקופה. פון איר האב איך געהערט איבער דער טראגעדיע פון ווישניוויצער און וויזשעראַדיקער יידן, וועלכע זענען אומגעקומען אין געטא פון ווישניוויץ.

כ׳בין אוועק פון דארט צו באשקען דעם פעלשער. באשקע האט מיר דערציילט, אז אלע יידן האט מען געפירט צום טויט דורך א פעלד ביי זיין הויף. יידן האבן געווארפן געלט אין גארטן אריין צו אים, א מכה די מערדער. ער האט געזאגט, אז ס׳גאנצע געלט האט ער פארהייליקט און דאס אוועקגעגעבן דער רויטער ארמעע „צו באקעמפען די נאצישע בעסטיע״.

ער האט מיר דערציילט, אז פון גרוב ארויס, די לעצטע מינוט פאר׳ן שיסען, איז ארויסגעשפרונגען־ארויסגעלאפען יואליק קאראלקע און פלינק ווי ער איז געווען, איז אים געלינגען אריבערשפרינגען דעם פארקאן, אבער די אוקראינער האבן אים באמערקט, זיך צעלאכט און געשריען: „שצ׳ע ווטאקאיע!״ ס׳הייסט: ער האט נאך די העזה צו אנטלויפן און... אים דערשאסן. (באשקעס ווייב האט מיר דערציילט, אז וואַכן שפעטער האט זי געפונען אין הויף גאלדענע פינגערלעך, זי האט געזאגט: זיי שמעקען מיט בלוט, כ׳וויל זיי נישט. נעם זיי דיר. כ׳האב זיי נישט גענומען, צוליב׳ן בלוט).

לאנאוויץ איז געווען א פוסטער פלאץ באוואקסן מיט בערגעלעך, וואס האבן דערציילט פון א יידישער טראגעדיע. לאנאוויץ איז שוין נישט געווען. נישטא זיך צו ווענדן. כ׳בין אוועק צו זובער׳ן, דער פעלשער וואס האט געוואוינט אונטער איין דאך מיט חיים־נתן׳ען. ער האט נישט געלעבט. די טאכטער זיינע א פיר־און־צוואנציקע לערערן, האט מיר דערציילט, אז זי האט באמערקט אויף די אוקראינישע קינדער אין שולע, יידישע קינדערשע בלוזקעלעך, קליידעלעך, און הויזעלעך, אויף מישקע הרוצ׳ס שיקסעלע האט זי דערקענט נחה׳לעס חיים־נתן טעכטעריל׳ס בלוזע. געפרעגט וואו האט זי דאס דערטאפט, האט דאס שיקסעל געענטפערט: „טאטו מני קופיל!״ — דער טאטע האט מיר געקויפט.

זובער׳ס ווייב האט וויינענדיק מיר דערציילט פרטים וועגן דעם לאנאווצער אומקום, ווי שווער די יידן זענען פארארבעט געווארן ביי קוילן גרוזעווען און שניי ריינינונג, און ווי ריכטער, דער דייטשישער מערדער, האט פאר יעדער קלייניקייט געשלאגען, געממית׳ט יידן, וואס זענען שוין געווען פארארעוועטע, פארמאטערטע צום טויט. זי האט מיך נישט אפגעלאזט כ׳האב געמוזט אויך צוגיין מיט איר צו דעם קאשצ׳יאל־קרעניצע, כדי זען מיט אייגענע אויגן, ווי אוקראינער האבן אריינגעווארפן לעבעדיגע פוילישע קינדער אין דער קרעניצע, ערשט צוריק מיט איניגע טעג.

ס׳האט א שרעקליך געדוך ארויסגעדופטעט פון דער טיפקייט. די לופט איז געווען אנגעפילט מיט פארפולטקייט און טויט. צווישן זיי זענען געווען וואדאסעס זעקס קינדער. זענען אלע זעקס צוזאמען דערשטיקט געווארן. ס׳האט געהייסן, אז די אוקראינער האבן מיטן אפטרעטן פון די דייטשען זיך גענומען צו די פאליאקען און געטון זייער רעכט: געברענט די אוסאדניקעס לעבעדיקערהייט, געקוילעט, געהרג׳ט, געשענדעט זייערע פרויען. אפילו זייערע צווינטערס צעשטערט און פאראקערט.

אבער דאס וויכטיקסטע: זי האט מיר דערציילט א פאקט. ווי נאר די דייטשען זענען ארויס, האבן די אוקראינער מודיע געווען, אז יידן זענען שוין פריי און מעגען ארויסגיין פון די באהעלטענישן. יידן, נעבעך דערשלאגענע, פארצווייפלטע, האבן זיך געלאזט אנרעדן און זענען ארויס פון די באהעלטענישן, האבן זיי די אוקראינער באלד ערמארדעט, כדי ס׳זאלן נישט בלייבן קיין עדות צו זייער מיטארבייטונג מיט די דייטשען. אזוי איז געהרגעט געווארן דורך זיי מרדכי ליוועראנט׳ס שוועסטער, דוד ליפע׳ס טאכטער און אנדערע, וואס זייערע נעמען ווייסט זי נישט.

דער קרומער שוסטער לעוויצקי, א פארברענטער קאמוניסט ביי די רוסען, איז געווען א ענגער מיטארבייטער מיט די דייטשען און אויסגעמארדעט מיט אייגענע הענט אסך יידן.

ווען מ׳האט ליקווידירט דעם געטא, איז געלונגען חנה׳לי חיים־נתן׳ס, זיך אויסבאהאלטען. זי איז געבליבן לעבן, איז אוועק צו לעוויצקי׳ן זייער שכן און טאטנס גוטער פריינט, און האט געבעטן א פלאץ צום ווייטערדיגן אויסבאהאלטן זיך, האט ער זי ארויסגעטריבן פון שטוב און נאכגעשיקט שקצים, וועלכע האבן זי געשאסן אויף דער בלאטע, נעבן גאדאמסקי׳ס שטוב.

לעוויצקי וואוינט יעצט אין לאנאוויץ און דרייט זיך ארום פראנק און פריי.

כ׳האב זיך באלד געווענדעט צו פענענקאן, דער רוסישער פראקוראר וואס איז געווען דא אין 1939. כ׳האב געבעטן מ׳זאל אנהויבן ארעסטירן די באנדיטן. כ׳האב אים אנגעגעבן נעמען און אדרעסן, האט ער מיר געענטפערט: — מיר זיצען דא נאך שוואך, זיי מארדן נאך אונזערע מענטשן, אבער מיר וועלן זיך נעמען צו זיי באצייטנס.

ער האט מיך צוגעפירט צו דער אלטער שקאלע אין א טורמע און מיר געוויזן, אז זי איז אנגעשטאפט מיט שקצים באנדיטן. עפעס האבן זיי יא אנגעהויבן טאן.

דעם דריטן טאג בין איך אריין צו אונז אין שטוב, וועלכע מיר האבן זיינער צייט פארקויפט חילאס׳ן זי איז נאך געשטאנען. מינדל׳ס שטוב האבן זיי צעריסן, אבער די איז שוין געווען אוקראיניש איז זי געבליבן. אין חילאסעס רעסטאראן האב איך געטראפן דעם קרומען אוקראינישן שניידער, ער איז ארויס צו מיר און זיך צעשריגען:

— א שאד וואס דו ביזט אוועק, ווייטער וואלטן מיר דיך צעשאסן ווי א הונט.

כ׳האב ארויסגעכאפט דעם רעוואלווער אים צו שיסן, מ׳האט מיך נישט געלאזט. אבער מ׳האט אים באלד ארעסטירט. אין א שטיק צייט ארום האב איך געשריבן פון פוילן קיין לאנאוויץ צו די רוסן דעם פאקט. מ׳האט מיך ארויסגערופן אלס עדות צום משפט געגן אים — ער האט געקריגן אַכט יאר.

איידער כ׳בין אפגעפארן האב צופעליק באגעגענט אוליאנען, די שיקסע וואס האט געדינט זיינער צייט ביי גאלדע בערנשטיין, האט זי געוויינט און מיט ביטערע אויפריכטיקע טרערן מיר דערציילט, אז אין יוני 1941, ווען די רוסן האבן פארלאזט לאנאוויץ אין די דייטשן זענען נאך ניט אריין, האבן די אוקראינער זיך ארגאניזירט און האבן ארויסגענומען פיר און דרייסיק יידן מיט כוח פון די הייזער, און זיי ארויסגעפירט אונטער דער שטאט און ערמארדעט. זי געדענקט נאך נעמען פון אייניגע פון זיי: זלמן פרנס, עוזיאל רבין, ישראל כ״ץ, יצחק בוכשטיין, פסח בוכשטיין, יוסל מרגליות מיט בורה׳ן, נחום וויינער, עוזיאל רייכמן, יצחק מלמד, נחום קרפר, בנציה כ״ץ (לוזער בעצאקס), זיי ברודערס קינדער יוסל און יואליק, בניק גורביץ און ברצ׳יק דוידזון.

ברצ׳יק דוידזון האבן זיי צעבראכן הענט און פיס און איבערגעלאזט אין פעלד. זי האט אים גענומען צו זיך און געפראוועט אים אויסהיילן, אבער אויפצומארגנס זענען זיי אריין צו איר און ארויסגעריסן בערצ׳יקן און אים דערשאסן ביי דער טיר.

זי האט אים אליין, מיט אייגענע הענט, אריבערגעפירט אויפ׳ן הייליקן ארט און מיט דער הילף פון א פאר יידן אים געבראכט צו קבר ישראל.

כ׳בין אוועק פון לאנאוויץ מיט א צעבראכן געמיט. כ׳האב געמוזט ארויספארן בגנבה, ווי איך וואלט עס געווען דער פארברעכער. ס׳האט געדראהט מיט טויט.

שפעטער בין איך נאך געווען צוויי מאל אין אונזער טראגישן שטעטעלע, ס׳האט מיך געצויגן אהין. אבער איבער דעם האבן אפשר דערציילט די אלע, וואס כ׳האב זיך געטראפן מיט זיי דארט.




מיט גויישער יוגנט צוזאמען — אפשר זענען דא די שפעטערדיקע רוצחים פון אונדזער יוגנט



**לאנאוויץ — איין בית עלמין**

(הירשל מייל, יוסף מארדער און מענדל ברימער וואס האבן אויפגעשטעלט דעם פארקן פארן בית עלמין)

# צינברג בלעטער

הילעל אלעקסאנדראוו

## ייסראעל צינבערג

**רעדאקטאר־באמערקונג**

ה. אַלעקסאַנדראָווס אַרטיקל איז אייגנטלעך אַ געגוייער איבער־דרוק פון נח פרילוצקיס אָפּהאַנדלונג, איבער ישראל צינבערג. און כדי אים „כשר מאַכן״ פאַר דער יידישער מאַראַנען צייטונג, האָט ער אים באַפּוצט מיט אַ פּאָר ציטאַטן פון מאַרקס־לענין.

די ווערט, אַלזאָ, פון דעם אַרטיקל, איז כמעט אַ היסטאָרישער־הערּאָישער, ס׳ווייזט ווי יידן זענען זיך מוסר־נפש פאַר דעם יידישן בוכשטאַנד אין יענעם לאַנד פון גייסטיקער פאַרגוואַלדיקונג, אָבער זיין ווערט איז אויך אין עצם אַרויסברענגען פרטים איבער ד״ר צינבערג.

לייענענדיק דאָס, דערוויסט ז״ך די וועלט, אַז אין קליינינקן לאַנאָוויץ, האָט געלעבט און אויסגעוואַקסן אַ דורות־גאון און פּע־נאָמען, וואָס זיין גרויסקייט איז נישט נאָר אין זיין גרויסקייט און געניאַלקייט, נאָר איבערהויפּט אין דעם, וואָס ער האָט זיינע פעאיקייטן געשטעלט צו דער דינסט פון פאָלק און זיינע לערנער און פאָרשער. און אָנגעהאַלטן דערמיט לעבנס־לאַנג און אין פאַר־שידענע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע אומשטענדן.

כ׳לייג, אַלזאָ, פאָר, מיר זאָלן אבסטראהירן פון דעם סטאַליניס־טישן נויט־הכשר און לייענען דאָס אַרטיקל, אַלס קוואַל צו דערקענען אונדזער ד״ר צינבערג, אויך אונדזער לאַנאָוויצער צינבערג און דעם פאַרנעם און אומפאַס פון זיין ווערק.

ישראל צינבערג איז שוין לאַנג דער שאַץ פון גאַנצן יידישן פאָלק און זיין שטאָלץ, דאָך איז ער קודם כל אונדזערער, ווייל אויב דער מענטש איז אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה און זיין געזעל־שאַפטלעכן אומגעב, איז דאָך ד״ר צינבערג אַ פּראָדוקט פון לאַנאָוויץ און אַלס אַזעלכער, ווערט ער פלוצלינג אַ ווערטונג־מאָס פאַר אונדזער קליין שטעטעלע נעבעך, מיט זיינע טייערע טיפּן און געזעלשאַפטן און ס׳קאָן דאָס בוך איבער לאַנאָוויץ נישט זיין גאַנץ אָן ד״ר צינבערגס קאַפּיטלען.

ה. רבין

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס י. צינבערג האָט איבערגעלאָזט זייער אַ גרויסע ליטעראַרישע ירושה, איז זיין נאָמען אין די ברייטע לייענער־קרייזן געווען ווינציק באַקאַנט. דערפאַר אָבער, האָט מען אין דעם קליינעם קרייז פון קריטיקער און פאָרשער פון יידישער ליטעראַטור, גוט געוווּסט, אַז אין פעטערבורג (שפּעטער — אין לענינגראַד) איז פאַראַן אַן אינזשיניער, סערגיי לאַזאַראָוויטש (ישראל) צינבערג, וועלכער איז אַ גרויסער בוקי אין דער יידישער ליטעראַטור. צו אים קאָן מען זיך ווענדן נאָך אַ ליטעראַרישער „ספּראַווקע", און ער וועט געבן, און גיך געבן, אַ גענויעם ענטפער, אויף וועלכן מען קאָן זיך פאַרלאָזן.

ישראל צינבערג איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל לאַנאָוויץ, וואָלינער גובערניע, אין יאָר 1873, אין אַ פימיליע פון אַ פאַרמעגלעכן אַרענדאַר פון פּאָלוואַרקן. אייגנאַרטיק איז געווען זיין דערציאונג. אין חדר איז ער נישט געגאַנגען. אין אַ ישיבה האָט ער נישט געלערנט. דער פאָטער האָט געבראַכט אים פון אָדעס (דאַכט זיך, לויט דער רעקאָמענדאַציע פון מענדעלע מוכר־ספרים), אַ געוועזענעם לערער פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול. שוין אין די יונגע יאָרן האָט צינבערג זיך אויסגעטיילט מיט זיינע פעאיקייטן און אַרבעטזאַמקייט. מען האָט נישט געדאַרפט זיין קיין טיפער באַאָבאַכטער און מענטשן־קענער, כדי צו דערזען אין דעם יונגן צינבערג אַ „ביכער־פרעסער", אַן „עילוי" און אַ :מתמיד".

הויכע בילדונג האָט י. צינבערג באַקומען אין אויסלאַנד: אין קאַרלסרוע האָט ער געענדיקט דעם פּאָליטעכניקום אַלס אינזשיניער־כימיקער און אין באַזעל האָט ער פאַרטיידיקט אַ דיסערטאַציע און באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע. אַ כימיקער און אַ הומאַניטאַר־וויסנשפטלער — אַזאַ האָט ער זיך אומגעקערט פון אויסלאַנד צוריק אַהיים. אין יאָר 1898, האָט ער זיך באַזעצט אין פעטערבורג און באַקומען אַ שטעלע, אַלס פאַרוואַלטער פון דער כימישער לאַבאָראַטאָריע אויפן גרויסן פּוטילאָוו־זוואָד (איצט קיראָווער).

✶

אין יאָר 1900 זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן י. צינבערגס ערשטע צוויי אַרבעטן: 1) אין יידיש — „וואָס טוט זיך אויף דער וועלט" (וואַרשע, 73 ז') — אָ פּאָפּולערוויסנשאַפטלעך ביכל אויף נאַטור־וויסנשאַפט; 2) אין רוסיש — „יצחק בער לעווינזאָן" (פעטערבורג, 75 ז') — אַ מאָנאָגראַפיע וועגן איינעם פון די אָנגעזעענסטע פאָרשט־ייער פון דער בורזשואַזער השכלה. דעם אינטערעס צו לעווינזאָנען האָט ער

1. צום 30־יאריקן יובילייַ פון י. צינבערגס ליטעראַרישער טעטיקייט האט צווי פרילוצקי אנגעשריבן אין „מאמענט" אן ארטיקל „ד"ר ייסראעל צינבערג" („א בינטל זיכרוינעס"). פון דאזיקן ארטיקל האבן מיר אויסגעניצט דעם מאטעריאל וועגן יונגן צינבערגן — ביזן אנהייב פון זיין ליטעראַרישער ארבעט.

2. אילוי (פון העברעיש) — אזוי האט געהייסן א פענאמענאל־פייקער יונגערמאן, וועלכער פלעגט זיך אויסטיילן מיט זיין זיקארן און שארפזיניקייט. מאסמיד (פון העברעיש) — אזוי האט מען גערופן אין די יעשיוועס די פלייסיקע טאלמידים.

אַרויסגעוויזן אויך שפּעטער, אין דעם אַרטיקל „יצחק בער לעווינזאָן און זיין צייט" („יעווריייסקאָיע סטאַרינא", 1910).

אין יאָר 1901, האָט י. צינבערג אָנגעהויבן אַרבעטן אין יידיש־רוסישן „וואָס־כאָד", און פון דעם יאָר אָן (ביז 1918), איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבע־טער אין דער יידיש־רוסישער פּרעסע (וועכנטלעכע זשורנאַלן — „סוואָבאָדאַ אי ראַווענסטוואָ", „יעווריייסקי מיר", „יעווריייסקאָיע אָבראַזאָוואַניע", „נאָווי וואָסכאָד", „יעווריייסקאַיאַ ניעדעליאַ" א. א.); דאָרט פירט ער אַ שטענדיקן אָפּטייל „איבערזיכט פון דער יידישער פּרעסע" (אונטערן פּסעוודאָנים ). אין דער זעלבער צייט שרייבט ער גרעסערע פאָרשערישע אַרבעטן, וועלכע ער דרוקט אין „וואָסכאָד" („שיילאָקס אָפּשטאַמונג", „צוויי שטרעמונגען אין יידישן לעבן"), און די היסטאָ־רישע זאַמל־ביכער: „פּערעזשיטאָיע" („די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען אין דער יידישער ליטעראַטור", ב. 1, „פּיסאַרעווּשטשינע אין דער יידישער ליטעראַ־טור", ב. 2, „די פאָרגייער פון דער יידישער זשורנאַליסטיק אין רוסלאַנד", ב. 4 א. אַ.), אין היסטאָרישן זשורנאַל „יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ". אַ גרויסע אַרבעט פירט י. צינבערג אין דער זעכצן בענדיקער

„יעווריייסקאיא ענציקלאפעדיא" (1908—1913), אין וועלכער ער רעדאגירט דעם אפטייל „ניי־העברעישע און יידישע ליטעראטור". ער איז ניט נאָר א רעדאקטאר, ער שרייבט אליין גרויסע ארטיקלען, וואָס אייניקע פון זיי שטעלן מיט זיך פאר קימאט מאָנאָגראפיעס („די ניי־העברעישע ליטעראטור", „די יידישע ליטעראטור", „פעריאדישע פרעסע", „האסקאלע" אא.), ארטיקלען וועגן איינצלנע שרייבער און פובליציסטן (אבראמאוויטש, פערעץ, שאלעם־אליכעם, מענדעלסאן, אכאד־האאם, ליליענבליום, לעווינזאן אא.), וועגן מיטלאלטערלעכע פאעטן (יעהודע האלייווי, אימאנועל הארוימי). אויסער דעם שרייבט ער גרויסע ארטיקלען, וועלכע זיינען, אייגנטלעך, ניט פארבונדן מיט ליטעראטור־געשיכטע (אסימי־ליאציע — צוזאמען מיט ד. פאסמאניקן; וואלאזשינער יעשיוועע; ענגלישע מיסיאנערישע געזעלשאפטן; צענזור פון יידישע ביכער אין רוסלאנד — צוזאמען מיט יו. העסען אא.). אזעלכע גרויסע ארטיקלען האט י. צינבערג אנגעשריבן עטלעכע צענדליק. ער האט אויך געשריבן קלענערע ארטיקלען, וועלכע זיינען אין דער ענציקלאפעדיע אונטערגשריבן מיט דער ציפער 7.

אין דער גרויסער קאלעקטיווער ארבעט „געשיכטע פון יידן אין רוסלאנד" (אף רוסיש, פארלאג „מיר", 1914) האט י. צינבערג אנגעשריבן פאלגנדיקע קאפיטלען: „די אנטוויקלונג פון דער ראבאנישער ליטעראטור", „פאלקסליטעראַ־טור", „מיסטישע שטרעמונגען".

אין די נאך־רעוואליוציאנערע יארן האט י. צינבערג פארגעזעצט זיין ארבעט אין פארשיידענע יידיש־רוסישע זאמלביכער („יעווריייסקאיא מיסל", „יעווריייסקי אלמאנאך", „יעווריייסקאיא ליעטאפיס" אא.). אין די יידישע וויסנשאפטלעכע אויסגאבעס („צייטשריפט" אא.) האט ער פובליקירט א ריי ליטעראטור־היס־טאָרישע מאטעריאלן.

באזונדערס דארף אויסגעטיילט ווערן פון י. צינבערגס ארבעטן אף רוסיש זיין גרויסע מאנאגראפיע „די געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין רוסלאנד אין פארבינדונג מיט די געזעלשאפטלעכע שטרעמונגען" (1916, פט"ג, 264 ז.), וועלכע האט באקומען די פרעמיע פון דער „געזעלשאפט צו פארשפרייטן בילדונג צווישן יידן אין רוסלאנד" („אפע"). די געשיכטע פון דער פרעסע איז דערפירט געווארן ביזן יאר 1881 און נעמט ארום די „פרעסע פאר יידן" אף דריי שפראכן — יידיש, העברעיש און רוסיש.

איבערגייענדיק צו י. צינבערגס ארבעטן אף יידיש, דארף מען פריער פאר אלץ אנווייזן, אז זיין באציונג צו יידיש איז געווען שטענדיק א פאזיטיווע. ער האט אנגעהויבן ארבעטן אין יידיש־רוסישן „וואסכאד" אין דער צייט, ווען אין דעם זשורנאל האט געהערשט א נעגאטיווע באציונג צו דער פאלקס־שפראך. מארדכע ספעקטאר דערציילט, אז ווען ער איז געקומען אין יאר 1883 צום רעדאקטאר און ארויסגעבער פון „וואסכאד" אדאלף לאנדאו און פארגעלייגט א רעצענזיע אף צוויי ביכלעך, זיינס און שאלעם־אליינעמס, וועלכע זיינען דעמלט געדרוקט געווארן, האט דער רעדאקטאר געענטפערט: „זשארגאָן איז ניט קיין ליטעראטור, דעריבער קאן איך קיין רעצענזיעס ניט געבן אין מיין זשורנאל". דער זעלבער גייסט, קימאט אן קיין ענדערונגען, האט געהערשט אין דעם זשורנאל מיט א יאר 18—20 שפעטער, ווען י. צינבערג האט אנגעהויבן דארט ארבעטן.

אין יאר 1903 האט ער געדרוקט אין „וואָסכאָד" (מארט—אפרעל) אן ארבעט, וואס האט געהייסן „די זשארגאנישע ליטעראטור און אירע לייענער". דאס איז געווען איינער פון די ערשטע פרווון אפן געביט פון יידישער ליטעראטור־געשיכטע. אין די יארן 1903—1905 איז ער אן אקטיווער טוער אין פארלאג „די נייע ביבליאטעק"; דא זיינען ארויסגעגאנגען איבערזעצונגען פון רוסיש און העברעיש אף יידיש (קאראלענקא — „לעגענדע וועגן פלאר, אגריפא און מענאכעם בען יעהודא"; דזשיאוואניאלי — „ספארטאק"; פייערבערג — „דער־ציילונגען" אא.). ער נעמט אן אנטייל אין דער ערשטער יידישער טעגלעכער צייטונג „דער פריינד" (אנגעהויבן ארויסגיין אין יאר 1903 אין פעטערבורג אונטער דער רעדאקציע פון ש. גינזבורג). אין דער דאזיקער צייטונג, ווי אויך אין דעם העברעישן „הזמן" („האזמאן" — „די צייט"), פאלעמיזירט ער מיט די קעגנער פון יידישער שפראך און שטרייכט אונטער איר קולטור־נאציאנאלע באדייטונג. אין די ווייטערדיקע יארן ווערט זיין פארבינדונג מיט די יידישע שרייבער און קולטור־טוער אלץ ענגער. אין יאר 1912 איז ער אָ מיטגליד פון רעדקאלעגיע פון זשורנאל „די יידישע וועלט". אין די יארן פון דער ערשטער וועלט־מילכאמע, ווען די צארישע רעגירונג האט אוועקגעשטעלט די יידישע מאסן אין א שרעקלעכער לאגע — ארויסגעטריבן זיי פון די פראָנט־און גרענעץ־ראיאנען, ארגאניזירט דארט פאגראמען, האט י. צינבערג זיך ניט באג־רענעצט מיט ליטעראריש־פארשערישער און קריטישער ארבעט. אין פארשיידענע זשורנאלן, וועלכע האבן אין יענע יארן אפט געביטן זייערע נעמען איבער

צענזור־באדינגונגען, דרוקט ער א ריי ארטיקלען וועגן פערעצן אין פארבינדונג מיט זיין טויט, וועגן ביאליקן, וועגן פארשיידענע פאקטן פון ליטעראריש־געזעלשאפטלעכן לעבן אין יענער צייט; איינצייטיק שרייבט ער פובליציסטישע ארטיקלען („געדאנקען פון אַ מעטורעף", דער וועלט־מישפעט" אא.). נאך שאלעם־אלייכעמס טויט רעדאגירט ער צוזאמען מיט ש. ניגערן א זאמלבוך, געווידמעט זיין אנדעק [3].

אין יאר 1915 טרעט צו י. צינבערג צו זיין פונדאמענטאלער ארבעט — „געשיכטע פון ליטעראטור בא יידן". שוין דער נאמען אליין באווייזט, אז ער האט געשטעלט פאר זיך אזא אופגאבע, וועלכע איז געווען א סאך שווערער און ברייטער, ווי שרייבן באזונדער „געשיכטע פון העברעישער ליטעראטור" און „געשיכטע פון יידישער ליטעראטור" [4]. אזא פאנאנדערטיילונג האט געבראכט צו דעם, אז די ליטעראטורן האבן זיך באקומען ווי אפגעגרענעצט מיט א כינעזישער וואנט איינע פון דער צווייטער; די שפראך פון די ליטערארישע ווערק האט אפגערוקט אין א זייער אידייש־פאליטישן אינהאלט. איבער דעם, אגעוו, איז אין אונדזער ליטעראריש־היסטארישער פארשונג קימאט אינגאנצן פארשוווּנדן געווארן די געשיכטע פון דער יידיש־רוסישער ליטעראטור, וועלכע האט אין איר צייט אויסגעפילט א באשטימטע געזעלשאפטלעכע פונקציע.

צו זיין גרויסער קאפיטאלער ארבעט איז י. צינבערג צוגעטראטן אויסניצנדיק די דערפארונג פון זיין פריערדיקער מאנאגראפיע „די געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין רוסלאנד אין פארבינדונג מיט די געזעלשאפטלעכע שטרעמונגען", נאר דער מאסשטאב איז, פארשטייט זיך, געווען א סאך א גרעסערער.

י. צינבערג האט זייער גוט פארשטאנען, אז שרייבן א וויסנשאפטלעך זעלבשטענדיק ווערק אפן יעסאד פון די ערשטע קוואלן און אייגענע אויספארשונגען, וואס זאל ארומנעמען דאס גאנצע ליטערארישע שאפן פונעם יידישן פאלק אפן גאנצן ריזיק־לאנגן מעשעך פון זיין קולטורעל־באוווסטזיניק לעבן, — דאס איז קימאט איבער די קויכעס פון א יאכיד, פון אן איינציקן פארשער. ער האט דעריבער באגרענעצט די כראנאלאגישע ראמען פון זיין ארבעט און אנגעהויבן „פון דעם מאמענט אן, זינט מיר זיינען פון אן אזיאטיש פאלק געווארן אן אייראפעיש און די העגעמאניע פון דער יידישער קולטור האט זיך איבערגעפעקלט פון פאדער־אזיע קיין מיירעוו־און דארעם־אייראפע, ביז צו דער

3. זאמלבוך „צום אנדענק פון שאלעם־אלייכם". פט'ג, 1917.

4. אין רייזינס „לעקסיקאן" איז ניט ריכטיק אנגערופן דער נאמען פון בוך „די געשיכטע פון דער העברעישער און יידישער ליטעראטור". פאר אונדזער ארבעט האבן מיר אויסגעניצט: „ד״ר יישראעל צינבערג. די געשיכטע פון דער ליטעראטור בא יידן — אייראפעישע טקופע". פארלאג מוישע־שמואל שקליארסקי. ניו־יארק, 1943. די אויסגאבע איז א פאטאגראפישער אפדרוק פון דער צווייטער אופלאגע פון פארלאג „טאמאר", ווילנע, 1933 (אין אכט בענדער).

האסקאלע־עפאכע". דער מאטעריאל איז פאנאנדערגעטיילט געווארן אין זעקס בענדער (8 טיילן) אין פאלגנדיקן סיידער:

**באנד 1** — די אראביש־שפאנישע טקופע (1־טער טייל).

**באנד 2** — דער דייטש־פראנצויזישער קיבוץ (2־טער טייל); דער יידישער קיבוץ אין איטאליע (3־טער טייל).

**באנד 3** — דער קאמף פון קאבאלע און מעסוירע קעגן ראציאנאליסטישער פילאסאפיע (4־טער טייל).

**באנד 4** — דאס איטאליענישע יידנטום אין דער רענעסאנס־טקופע (5־טער טייל). דער יידישער קולטורצענטער אין דער אטאמאנישער מעלוכע (6־טער טייל).

**באנד 5** — דער דייטש־פוילישער קולטור־צענטער (7־טער טייל).

**באנד 6** — אלט־יידישע ליטעראטור פון די עלטסטע צייטן ביז דער האסקאלע־טקופע (8־טער טייל).

דערפירנדיק זיין ארבעט ביז דער האסקאלע־טקופע, האט זיך י. צינבערג אף דעם ניט אפגעשטעלט. אין די געדרוקטע בענדער 7 און 8 (אין וועלכע ס׳גייען אריין „כאַכמעס ייסראעל", גאליציאנער **האסקאַלע, אנהייב פון דער** האסקאלע־באוועגונג אין רוסלאנד אא.) זעצט ער פאַר זיין היסטארישן עקסקורס ביז די פופציקער יארן פון XIX יה. ווי ער שרייבט אין זיין האקדאמע צום ערשטן באנד (דעקאבער 1927), האט ער די ערשטע פיר בענדער געשריבן לעכאטכילע אין רוסיש און ארבעט זיי איבער אין יידיש (ניט פאשעט אן איבערזעצונג). בלויז די ערשטע פינף קאפיטלען פון רוסישן טעקסט זיינען דערשינען אין קיעוו אין 1919 יאר.

אין דער צייט, ווען י. צינבערג האט אנגעהויבן פארנעמען זיך מיט ליטעראטור־פארשונג, האט אין דעם געביט פארנומען אן אנגעזעען ארט די כאראקטעריסטיש פאר דער קולטור־היסטארישער שול, וועלכע האט אין אירע אויטאריטעטע פארשטייער (העטנער און שערער — אין דייטשלאנד, טען — אין פראנקרייך, בראנדעס — אין דענעמארק, פיפין, ווענגעראוו אא. — אין רוסלאנד). די איינשטעלונגען פון דער דאזיקער שול האט אריינגעטראגן י. צינבערג אין דער פארשונג פון „ליטעראטור בא יידן". בא איצטיקן טאג נעמען מיר אן פון דער קולטור־היסטארישער שול ניט אירע מעטאדאלאגישע פרינציפן, נאר דעם גרויסן פאקטישן מאטעריאל, וועלכן זי האט אריינגעבראכט אין אירע ארבעטן. דאס זעלבע איז אויך בענעגייע י. צינבערגן אין זיין ליטעראטור־געשיכטע.

י. צינבערג האט זיך ניט באנוגנט בלויז מיט דער געשיכטע פון דער אזוי־גערופענער שיינער ליטעראטור אליין. „די אנטוויקלונג פון די פאעטישע פארמען וועט דא אויסגעפארשט ווערן אפן יעסאד פון דער **גאנצער** קולטורעלער יידישער סוויווע מיט אירע גייסטיקע און געזעלשאפטלעכע שטרעמונגען, ענג פארבונדן מיט דער אלגעמיינער אייראפעישער קולטור פון יענער טקופע". דאס איז

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קולטור־היסטאַרישער שול, וועלכע האָט אין אירע פארשונגען געלייגט אכט אף די געזעלשאפטלעכע שטרעמונגען פון דער דאזיקער עפאכע. איר איז אבער פרעמד געווען לענינס מעטאדאלאגישע איינשטעלונג וועגן דעם, אז, „אין יעדער נאציאנאלער קולטור זיינען פאראן, כאטש ניט אנטוויקלטע, עלעמענטן פון דעמאקראטישער און סאציאליסטישער קולטור. ווארעם אין יעדער נאציע איז פאראן אן ארבעטנדיקע און עקספלואטירטע מאסע, וואס די באדינגונגען פון איר לעבן שאפן א דעמאקראטישע און סאציאליסטישע אידעאלאגיע"[5].

זיין „קרעדא" בענעגייע דער מעטאדאלאגיע פון געשיכטע פון דער ליטעראַטור בא יידן זאגט י. צינבערג ארויס אין זיין ארייַנפיר („פונעם מעכאבער") צום ערשטן באנד פון זיין ווערק:

„די טקופעס פון וואקסן און פאלן, פון שיינעם אופבליען און טרויעריקן אָפלעבן און פארוועלקן זיינען פארגעקומען (בא ייד. — ה. א.) אין א גאנץ אנדערן סיידער, ווי בא די אנדערע אייראפעישע פעלקער. די יידישע קולטור־געשיכטע האט זיך איר אייגענעם נוסעך, האט זיך אנטוויקלט אף איר באזונדערן שטייגער, האט דורכגעמאכט גאנץ אנדערע עטאפן..." און דא ווערן געבראכט פאקטן, וועלכע דארפן, לויט י. צינבערגן, באשטעטיקן דעם אויבנדערמאָנטן גרונט־געדאנק. אין סאף XV יה. איז אין אייראפע פארגעקומען א גייסטיקע איבערקערעניש — אנטדעקונג פון אמעריקע, פון בוך־דרוק, רעליגיעזע רעפארמאציע — און יידן האט מען ארויסגעטריבן פון שפאניע; אין XVII יה. — אין אייראפע דעקארט, בא יידן — כורבן פון „גזיירעס טאך"[6]. ס'איז גענוג צו ברענגען די דאזיקע צווייביישפילן, קעדיי עס זאל ווערן קלאר, אז מיר האבן דא צו טאן מיט א ריין אידעאליסטישער אופאסונג פון דער געשיכטע; אויסער דעם, זיינען דא צונויפגעמישט פארשיידענע היסטארישע פאקטן, וועלכע לאזן זיך ניט פארגלייכן און זיינען פארגעקומען אין פארשיידענע לענדער, בא פארשיידענע באדינגונגען. מיר האבן דא צו טאן מיט דער אלטפרענקישער קאנצעפציע, וואס איז פארמולירט אין דער אלטער פראזע „לא ככל הגויים בית ישראל" (יידן זיינען ניט ענלעך צו אלע אנדערע פעלקער).

אויב שוין נעמען היסטארישע פאראלעלן און פארגלייכונגען, דארף מען נעמען אזעלכע פאקטן, וועלכע ליגן, אויב מע קאן אזוי זאגן, אף איין ליניע און זיינען פאַרגעקומען אין איין און דער זעלבער צייט. מע קאן נעמען אלס ביישפיל רעליגיעזע רעפארמאציע, די פאדערונג, וואס איז ארויסגעשטעלט געווארן אין פארשיידענע מיירעוו־אייראפעישע לענדער, אז די רעליגיעזע ביכער זאלן ווערן איבערגעזעצט פון דעם ניט פארשטענדלעכן פארן ברייטן אוילעם לאטיין אף דער פאלקס־שפראך, און אנווייזן, אז אין דער זעלביקער צייט (1544)

5. וו. אי. לענין. ווערק. 5־טע אופלאגע, ב. 24, ז. 120.
6. „גזיירעס טאך" — אזוי זיינען אנגערופן אין דער העברעישער ליטעראטור די יידישע פאגראמען, וועלכע זיינען פארגעקומען אף אוקראינע אין יאר 1648.

אין איבערגעזעצט געווארן אף יידיש דער סידער, און דער איבערזעצער יויסעף בען יאקיר זאגט אין דער האקדאמע: „איך האלט פאר עמעס נאראנים די, וועלכע ווילן דאוונען דאפקע אף דער הייליקער שפראך, כאטש זיי פארשטייען ניט קיין ווארט. איך וואלט וועלן וויסן, ווי קאן מען בייסן דאוונען האבן קאוואנע? מיר האבן דעריבער באשטימט דרוקן די טפילעס אין אן איבערזעצונג". דער־מאנענדיק, אז מע האט ארויסגעטריבן די יידן פון שפאניע, דארף מען ניט פארגעסן, אז אין דער זעלביקער צייט האט מען פון דעם זעלבן לאנד ארויסגעטריבן די מוסולמענער (מאורען). און אויב מע רעדט שוין וועגן דעקארטן און מע וויל פארגלייכן, וואס עס איז דעמלט פארגעקומען בא די יידן, דארף מען אנווייזן, אז אין יענער צייט האט זיך באוויזן אין האלאנד בארעך שפינאזע, וועלכער האט אין דרייצן יאר ארום נאך דעקארטס טויט פארעפנטלעכט א בוך, ווו ער פאלעמיזירט מיט דעקארטן („די פילאסאפישע פרינציפן פון דעקארטן", 1663). אזעלכע פארגלייכונגען קאן מען געפינען אין דער יידישער געשיכטע זייער פיל, ווייל די געשיכטע פון יידן אין באזונדערע לענדער שטעלט מיט זיך פאר א טייל פון דער געשיכטע פון געגעבענעם לאנד, און יידן „האבן זיך פארהיט ניט אַפּצולאַכעס דער געשיכטע, נאר אַדאַנק דער געשיכטע" (מארקס)[7].

י. צינבערגס „געשיכטע" כאפט ארום, ווי מיר האבן אנגעוויזן, אויסער קינסטלערישער ליטעראטור, געשיכטע פון מיטלאלטערלעכער רעליגיעזער פילא־סאפיע (אין די ערשטע בענדער), געשיכטע פון דער אזויגערופענער „כאַכמעס יישראעל" (אין די לעצטע בענדער). דער גרויסער פארנעם איז געווען, דארף מען רעכענען, איינע פון די סיבעס, צוליב וועלכער ס'איז ביז איצט ניט געגעבן געווארן קיין קריטישע אפשאצונג פון אט דעם ווערק. דערוף האט ריכטיק אנגעוויזן י. אפאטאשו אין איינעם פון זיינע בייגעלייגטע בריוו. נאר א קאלעקטיוו פון ספעציאליסטן קאן אף זיך אזא ארבעט נעמען. דערווייל קאנען מיר אפצייכענען די איבעראשנדיקע ערודיציע, וועלכע י. צינבערג האט ארויסגעוויזן און וועלכע קאן און דארף אונדז דינען און ווערן אויסגעניצט אין דער פארשערי־שער ארבעט אפן געביט פון „ליטעראטור בא יידן".

זיין גרויסע ארבעט האט י. צינבערג ניט באוויזן צו פארענדיקן. זיין מאזל איז שוין געווען אזא: באם לעבן האט מען וועגן אים קימאט ווי ניט געשריבן, און אויך וועגן זיין טויט איז קיין נעקראלאג ניט געווען, ווייל ער איז געפאלן א קארבן פון סטאלין־קולט (1939). איצט, ווען י. צינבערג איז נאכן צוואנציקסטן צוזאמענפאר פון אונדזער פארטיי פולקום רעאבילטירט געווארן, איז אונדזער כויוו צו דערמאנען צום גוטן דעם גרויסן פארשער פון „ליטעראטור בא יידן" און קריטיש אנאליזירן זיין ליטעראַרישע יערושע.

7. דער ערשטער באנד פון דער ערשטער אופלאגע „ווערק פון מארקס און ענגעלס", ז. 381.

**ה. א.**

## ציניבערגס ארכיוו

ציניבערגס פאנד, וועלכער געפינט זיך אין ארכיוו פון לענינגראדער אפטיילונג פונעם אינסטיטוט פון די פעלקער פון אזיע בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע און איז פארצייכנט אונטערן נומער 86, איז פארטיילט אין דריי רעשימעס. אין רעשימע נומ. 1 זיינען פאראן 87 נומערן, נומער 2 — 367 נומערן, נומ. 3 — 167 נומערן. צוזאמען 630 „ארכיוואלע איינסן". דער דאזיקער טעכנישער טערמין איז זייער א ברייטער לויט זיין פארנעם און כאפט ארום סיי א קארטל, אף וועלכן ס'איז אנגעשריבן איין שורע. סיי אן אריגינאל פון א גרויס ווערק, וואס האלט 1000 זייטן און מער. דאס גרעסטע ארט (לויט דער צאל זייטן) פארנעמען די אריגינאלן פון ציניבערגס ווערק, ארטיקלען, לעקציעס אף פארשיידענע, ליטעראטור־היסטארישע טעמעס; אויסער די אריגינאלן, וועלכע זיינען געגעבן אין א פארענדיקטער פארם, איז פאראן א גרויסע צאל ארכיוואלע איינסן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאר רוי־מאטעריאל, צוגרייטונגען („זאגאטאוועקעס") צו פארשיידענע ארבעטן. עס זיינען פאראן די אריגינאלן פון אלע אכט געדרוקטע בענדער „די געשיכטע פון ליטעראטור בא יידן". אינגאנצן א צוגעגרייטער צום דרוק איז דער מאנוסקריפט פונעם נייטן באנד, איבערגעשריבן דורך ציניבערגס פרוי ראזא וולאדימיראוונא. דער באנד נעמט ארום די ליטעראטור פון די פופציקער—זעכציקער יארן אין רוסלאנד. ווי ס'איז קענטיק פון דער קארעס־פאנדענץ מיט פארשיידענע אמעריקאנער יידישע שרייבער און זשורנאליסטן, האט ציניבערג געהאט אין זינען שרייבן א צענטן באנד, אין וועלכן ס'האט געדארפט פארנעמען א גרויס ארט די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור אין אמעריקע (זע, לעמאשל, אפאטאשוס בריוו פון 14 מארט 1938). צום באדויערן, האט ציניבערג ניט באוויזן צו פארווירקלעכן זיין פלאן.

פון די אזויגערופענע „זאגאטאוועקעס" קאן אנגעוויזן ווערן: 1) מאטעריאלן צו די לעקציעס איבער דער געשיכטע פון יידישער ליטעראטור (טיילווייז אף יידיש, טיילווייז אף רוסיש); 2) צו דער געשיכטע פון יידישער סאציאליסטישער פרעסע; 3) צו דער געשיכטע פון דער יידישער שפראך; 4) צו דער קולטור־געשיכטע פון יידן אין רוסלאנד; 5) וועגן די מיטלאלטערלעכע ראציאנא־ליסטן אא.

אויסער אריגינאלן פון ציניבערגס ווערק און „זאגאטאוועקעס", וועלכע האבן א שייכעס צו זיינע פארשערישע ארבעטן, געפינען זיך נאך אין פאנד פארשיידענע מאטעריאלן, וועלכע האבן א שייכעס צו ווערק פון אנדערע אווטארן. פאראן א ווערק איבער מאטעמאטיק (אף העברעיש) פון אן אומבאוווסטן אווטאר, פאראן א „קאלבוי"־פעקל, אין וועלכן מע האט זיך נאך דערוויל ניט פאנאנדערגעקליבן און וועלכער איז פארצייכנט אונטערן קעפל „אויסצוגן פון פארשיידענע בריוו,

ליטעראַרישע ווערק, לידער, פאַרשיידענע מאַנוסקריפּטן אױף רוסיש, יידיש און העברעיש"; מיר געפינען דאָ אויך „סאַטירישע לידער פון ניט באַוואוסטע אויטאָרן" (ניט באַאַרבעט). באַזונדערס דאַרף אָפּגעצייכנט ווערן אַ רעשימע פון ש. אַנ־סקיס ליטעראַרישער ירושה, וועלכע איז צונויפגעשטעלט דורך י. צינבערגן.

י. צינבערג האָט פאַרהיט אין זיין אַרכיוו ניט נאָר ליטעראַרישע מאַטעריאַלן, נאָר אויך געשיכטלעכע דאָקומענטן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דער אַרבעט פון פאַרשיידענע יידישע קולטור־געזעלשאַפטן, פּאָליטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. באַזונדער קאָן מען דאָ אָפּצייכענען די מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן אַ שייכעס צו דער באַהאַנדלונג פון דער יידן־פראַגע אין דער „גאָסודאַר־סטווענאַיאַ דומאַ".

אַ גרויס אָרט פאַרנעמט אין צינבערגס אַרכיוו זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט יידישע שרייבער פון פאַרשיידענע לענדער — מע קאָן זאָגן אָן גוזמע, אַז ס'איז ניטאָ קימאַט קיין איין מער אָדער וויכטיקער יידישער שרייבער און פּובליציסט, וועלכער האָט געשריבן יידיש אָדער העברעיש און זאָל ניט זיין פאַרגעשטעלט אין דער קאָרעספּאָנדענץ מיט צינבערג. אין אַרכיוו געפינען זיך ניט ווינציקער פון פינף הונדערט בריוו, צווישן זיי — פון שאָלעם־עליכעמען, פּרעצן, ביאַליקן, שאָלעם אַשן, אַפּאַטאָשו, ווינטשעווסקין, ניגערן, בערגעלסאָנען, ברייינינען, ש. אַנ־סקין, אַחד־העמען, קלויזנערן, הילעל צייטלינען אאַ. די צאָל בריוו איז נאָך דערוויל ענדגילטיק ניט פעסטגעשטעלט, ווייל ס'זיינען פאַראַן פּעקלעך, וועלכע פיגורירן אונטערן קעפּל „בריוו פון אומבאַוואוסטע פּערזאָנען צו צינבערגן". פאַראַן אויך אַ היפּשע צאָל ניט קיין פאַנאַנדערגעקליבענע פרעמדע בריוו, וועלכע צינבערג האָט פאַרהיט, צונויפשטעלנדיק די רעשימע פון דעם אַרכיוו פון דער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יידן אין רוסלאַנד" („אָפּע"). צו דער קאַטעגאָריע געהערן בריוו צו ש. אַנ־סקין, שאול גינזבורגן אאַ.

צווישן די בריוו, וועלכע זיינען אַדרעסירט צינבערגן, פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אַזעלכע, וואָס האָבן אַן אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער. זייענדיק איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער זעכצנבענדיקער „יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" און דער אַנפירער פון דעם אָפּטייל „ניי־העברעישע און יידישע ליטעראַטור", האָט זיך צינבערג געווענדט צו די שרייבער פון יענער צייט מיט דער ביטע, זיי זאָלן צושיקן זייערע אויטאָביאָגראַפיעס; די ענטפערס האָבן זיך פאַרהיט אין אַרכיוו. אַ גרויסער טייל ענטפערס איז קורץ, אַנקעטעאַרטיק (לעמאַשל, שאָלעם אַשס). אַנדערע שרייבער האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און געגעבן אַ באַדייטנדיקן אויטאָביאָגראַפישן מאַטעריאַל, אָנווייזנדיק דערביי, אַז דער רעדאַקטאָר קאָן אים אויסנוצן, ווי ער פאַרשטייט אַליין. אַזעלכע געניטע ענטפערס האָבן געגעבן דינעזאָן, ספּעקטאָר, ווייסענבערג, **ייצחאַק קאַצנעלסאָן און פיל אַנדערע.**

אויסער די אויטאָביאָגראַפישע בריוו זיינען די איבעריקע פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע איניאַנים פון יענער צייט. אַ

גרויסע צאל בריוו האט א שייכעס צו דער ארבעט פון פארשיידענע צייטונגען און זשורנאלן, אין דער ערשטער ריי — פון זשורנאל „די יידישע וועלט", ווו צינבערג איז געווען איינער פון די נאענטסטע מיטארבעטער.

פון צינבערגס ענטפערס זיינען פארבליבן נאר א קליינע צאל „טשער־נאוויקעס"; ס'איז איצט שווער צו זאגן, צי די „טשערנאוויקעס" אנטשפרעכן דעם פאקטישן ענטפער. ווערלכער איז אפגעשיקט געווארן דעם קארעספאנדענט, אדער ער איז עפשער „פארבראקירט" געווארן דורך צינבערגן אליין.

איך ניץ אויס די געלעגנהייט אפדאנקען דעם פארוואלטער פון ארכיוו דמיטרי יעווגעניעוויטש בערטעלס פאר זיין אופמערקזאמער באציונג און זיין מיטהילף אין מיין ארבעט.

פון **אברהם בעלאָוו**, מאָסקווע, (פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי״)

**זונטיק, 26טן אַפּריל, 1964. „מאָרגן פרייהייט״.**

## דער רייכער אַרכיוו פון י. צינבערג אין לענינגראַד

**פון רעדאַקציע:** צוזאַמען מיט דעם זייער וויכטיקן אַרטיקל וועגן דעם פאָרשטייערק פון דער יידישער ליטעראַטור, י. צינבערג, האָט אונדז די פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי״, צוגעשיקט די פאָלגנדע אינפאָרמאַציע: י. צינבערג איז געפאַלן אַ קרבן פון דעם סטאַלין „קולט״ אין דעם יאָר 1939. נאָכן 20־טן קאָנגרעס פון דער סאָוועטישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אין 1956, איז ער רעהאַביליטירט געוואָרן. זיין רייכע וויסנשאַפטלעכע ירושה ווערט איצט אַלזייטיק שטודירט, ווי אברהם בעלאָוו דערציילט דאָ. י. צינבערגס פרוי, ראָזע, 80 יאָר אַלט, לעבט אין לענינגראַד זייער אָנגעזען. עס לעבט דאָרט אויך י. צינבערגס אַן אייניקל, אַן אינזשעניער, מיט זיין פאַמיליע.

דער דאָצענט פונעם לענינגראַדער אוניווערסיטעט, הלל אַלעקסאַנדראָוו, שטודירט איצט דעם אַרכיוו פונעם באַוווּסטן יידישן היסטאָריקער סערגיי (ישראל) צינבערג, וואָס געפינט זיך אין דער לענינגראַדער אָפּטיילונג פונעם אינסטיטוט פון די אַזיע־פעלקער ביי דער אַלפאַרבאַנדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. דער קאָרעספּאָנדענט פון דער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי״ האָט געבעטן דעם געלערנטן דערציילן וועגן דעם דאָזיקן אַרכיוו. — ...מיין אַרבעט האַלט נאָך זייער ווייט פון סוף, ווייל דער אַרכיוו איז זייער אַ גרויסער. שוין איצט אָבער, קאָן איך דערציילן וועגן די ערשטע רעזולטאַטן: אינעם אַרכיוו האָט מען געפונען הונדערטער בריוו פון באַרימטע יידישע שרייבער, פילאָלאָגן, היסטאָריקער, פובליציסטן. דערונטער בריוו פון שלום־עליכמען, חיים נחמן ביאַליקן, יצחק לייב פּרצן, אחד־העמן, בער באָראָכאָװן, שמעון דובנאָװן, שלום אַשן, מאָריס ווינ־טשעווסקין, יעקב פיכמאַנען און אַנדערע.

וואָס קאָנט איר דערציילן וועגן צינבערגן גופא? — ישראל צינבערג איז געבוירן געוואָרן אין 1873 אין שטעטל לאַנאָוויץ (וואָלינער גובערניע). דאָס איז געווען זייער אַ טאַלאַנטפולער און אַלזייטיקער געבילדעטער כעמיקער. העכער דרייסיק יאָר, האָט ער אָנגעפירט מיט דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע פון פּוטילאָ־ווער )שפּעטער קיראָווער( זאַוואָד אין לענינגראַד. צינבערג איז דער מחבר פון אַ סך ווערק וועגן כימיע, באַזונדערס פונעם לערנבוך „ווי אַזוי צו מאַכן כעמישן אַנאַליז״, וואָס האָט אויסגעהאַלטן צוויי אויפלאַגעס (אין 1929 און 1921). צינבערג האָט אָבער פאַרמאָגט אין זיך נאָך אַ ליידנשאַפט, ליטעראַטור־קענטעניש. אין 1900 האָט ער דעביוטירט מיט מאָנאָגראַפיע וועגן דעם יידישן שרייבער יצחק בער לעווינזאָן. אין 1901 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ בוך „שיילאָקס אָפּשטאַמונג״. ער איז אויך דער אויטאָר פון די ווערק: „צוויי שטרעבונגען אינעם אידישן לעבן״, „די

פאַרגייער פון דער אידישער זשורנאַליסטיק" און פון אַ ריי אַנדערע. אין 1911־1913 האָב איך אויך די הויך־קורסן פון מזרח־קענטעניש באַזוכט אַ ציקל פון זיינע לעקציעס, פאַרברייטערטע און דערגאַנצטע, זענען געגומען אַלס יסוד פון זיין נייך־בענדיקער „געשיכטע פון דער ליטעראַטור פונעם אידישן פאָלק". פאַר אונדז סטודענטן, איז טאַקע געבליבן אַ רעטעניש, ווו נעמט אונדזער לעקטאָר צייט אויף צוגרייטן זיך. ער פלעגט דאָך קומען אויף די לעקציעס גלייך פון פוטילאָווער זאַוואָד...

— וועגן וואָס רעדן די בריוו, וועלכע איר האָט שוין איבערגעלייענט?

די איבערוועגנדיקע מערהייט בריוו איז געשריבן אין יידיש, עברית אָדער רוסיש. פאַראַן אויך בריוו אויף מערב־אייראָפּעאישע שפּראַכן. אַ באַזונדערע גרופּע שטעלן מיט זיך פאָר די בריוו פון אַן אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער. זייענדיק איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער זעכצנבענדיקער „אידישער ענציקלאָפּעדיע" (1908—1913), האָט צינבערג, משמעות, זיך געווענדעט אין זיינע בריוו צו די שרייבער פון יענער צייט מיט דער ביטע, זיי זאָלן צושיקן זייערע אויטאָביאָ־גראַפיעס. אין צינבערגס אַרכיוו האָבן זיך פאַרהיט די ענטפערס, וועלכע ער האָט באַקומען פון די שרייבער: שלום אַש, יעקב דינעזאָן, יוסף קלויזנער, דוד פרישמאַן, זלמן שניאור און אַנדערע.

מיט אַ סך פּרטים און פּאָעטיש, האָבן אָנגעשריבן וועגן זייער לעבן די פּראָזאַאיקער יצחק מאיר וויסענבערג און מרדכי ספּעקטאָר. אַ גרויסן אינטערעס שטעלט מיט זיך פאָר דער בריוו פונעם קלאַסיקער פון יידישער ליטעראַטור יצחק לייב פּרץ, געשריבן אין יידיש, דאַטירט דעם 1טן דעצעמבער 1911. דער מחבר פון די באַרימטע דערציילונגען „חסידיש" — י. ל. פּרץ — טיילט מיט, אַז ער אַליין איז קיין מאָל נישט געווען קיין חסיד, ער האָט מיט חסידים קיין שייכות נישט געהאַט און איז מיט די חסידישע רביים נישט געווען באַקאַנט. י. ל. פּרץ גיט אויך צו וויסן, אַז ער האָט אָנגעהויבן שרייבן פּויליש. נאָר האָט פאַרברענט אַלע זיינע מאַנוסקריפּטן. דערנאָך האָט ער גענומען שרייבן אויף העברעאיש. נאָר אויך אין דעם פאַל, האָבן זיינע ערשטע ליטעראַרישע פּרווון אים נישט באַפרידיקט. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אין יידיש. „דאָס איז געווען מיט אַ יאָר 35—40 צוריק" — באַמערקט י. ל. פּרץ, דערציילנדיק, ווי אַזוי עס האָט זיך אויסגעבילדעט זיין וועלט־אָנשויונג, ווייזט ער אָן, אַז אויף אים האָט געהאַט אַ ווירקונג די ליטעראַטור פון די נביאים, און זיינע ערשטע לידער האָט ער אָנגעשריבן אונטערן איינפלוס פון היינע און בערנע.

**בריוו פון ביאַליקן.** פאַראַן בריוו, וואָס באַהאַנדלען אַלערליי ליטעראַרישע פּראָבלעמען, אָדער זיי האָבן אַ שייכות צום פאַרעפנטלעכן די, אָדער אַנדערע ווערק. צו אַזעלכע געהערן, למשל, די זעקס בריוו פון חיים נחמן ביאַליק, געשריבן אין די יאָרן 1921—1927. מערסטן טייל רעדן זיי וועגן דער וויסנשאַפטלעכער אויסגאַבע פון די ווערק פונעם באַרימטן יידישן מיטל־אַלטערלעכן דיכטער שלמה

איבן גבירול, וועלכע ח. נ. ביאַליק האָט געגרייט צום דרוק. די ווערטפּולסטע רשימות פון איבן גבירולס לידער געפינען זיך אין לענינגראַד, אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק. ביאַליק האָט געבעטן צינבערגן, ער זאָל העלפן אים באַקומען די נויטיקע מאַטעריאַלן און קלאָר מאַכן איניקע פראַגן, וועלכע זענען ביי אים אויפגעקומען בעת דער אַרבעט איבער די אחד העמס פיר בריוו, צוגעשיקט פון לאָנדאָן, האָבן אַ שייכות צום יידישן זשורנאַליסט אורי קאָוונער און אויך צום שמואל־בוך („ספר שמואל"), וואָס איז יקר המציאות און געפינט זיך אין בריטישן מוזיי.

די פינף בריוו פון יוסף אָפּאַטאָשו, צוגעשיקט פון ניו־יאָרק (אין די יאָרן 1937—1938), באַהאַנדלען די פראַגע וועגן די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די שרייבער יידישיסטן און שרייבער העברעאיסטן.

אין בער באָראָכאָווס בריוו פון ווין (4טער יאַנואַר 1914), רעדט זיך דער עיקר וועגן זיין מעגלעכן אָנטייל אין דער יידישער ענציקלאָפּעדיע.

דער בריוו פונעם גרונטלייגער פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע, מאָריס ווינטשעווסקי, (צוגעשיקט פון ניו־יאָרק, דעם 20טן סעפּטעמבער 1909), באַרירט די פראַגע וועגן דער געשיכטע פון דער צייטונג „ווארהייט".

קאָרעספּאָנדענטן האָט צינבערג געהאַט זייער אַ סך — אַרום 400. דערציילן וועגן זיי אַלעמען איז פּשוט אוממעגלעך. איך וויל אָנרופן כאָטשבי די נעמען פון איניקע פון זיי. אין צינבערגס אַרכיוו היטן זיך בריוו פון די קריטיקער און פּובליציסטן: שמואל ניגער, ראובן ברייניך, הלל צייטלין. פון די דראַמאַטורגן: פּרץ הירשביין, אַנ־סקי (ראַפּאַפּאָרט). פונעם פּראָזאַאיקער: אורי גנעסין. לעקסיקאָגראַף: זלמן רייזען; היסטאָריקער פונעם חסידיזם: שמואל אבא האָראָדעצקי. פונעם באַקאַנטן פאַרלעגער און פּובליציסט: שאול יעקב הורוויטש...

שלום עליכמס בריוו. צום סוף וועל איך דערציילן וועגן שלום עליכמס צוויי בריוו.. דער ערשטער בריוו, דאַטירט דעם 24טן אָקטאָבער 1909, אָנגעשריבן אין דער שווייץ, איז געווידמעט דעם יידישן פאָלקס־דיכטער און קאָמפּאָזיטאָר מאַרק וואַרשאַווסקי (1848—1907). אויף צוויי זייטלעך, אָנגעשריבן מיט אַ קאַליגראַפישן פּערלדיקן כתב, האָט דער יידישער קלאַסיקער מיט באַגייסטערונג דערציילט וועגן אָט דעם פאָלקס־טאַלאַנט, וועלכן ער האָט, אגב געזעדט, אַליין אַנטדעקט און וועמען ער אַליין האָט „אַרויסגעפירט צווישן לייט".

אינעם צווייטן בריוו, אָנגעשריבן דעם 3טן נאָוועמבער פונעם זעלבן יאָר, אין איטאַליע (אין רוסיש), רעדט זיך וועגן דעם זעלביקן וואַרשאַווסקי. שלום עליכם זאָגט זיך אָפּ פון האָנאָראַר פאַרן אַרטיקל וועגן וואַרשאַווסקין און בעט אַריינטראָגן אַן אויסבעסערונג אין זיין ערשטן בריוו: „איך בעט אייך, קוקט איבער נאָך אַ מאָל מיין בריוו צו אייך וועגן וואַרשאַווסקין. איך אין איין אָרט דאָרט: ווו עס דערציילט זיך וועגן זיין זעלטענער דעקלאַמאַציע פון זיינע אייגענע זינג־לידער, ווערט איר, דוכט זיך, געפינען אַ פראַזע, אַז ביים אַרויספאָרן מיטן פאַרשטאָרבענעם פּאָעט אין דער פּראָווינץ, האָבן מיר געהאַט גרויס דערפאָלג. דאָס וואָרט „מיר" (אויב עס

איז דאָרט פאַראַן), בעט איך אַרויסוואַרפן און פאַרבייטן עס מיטן אויסדרוק: „ער". ס'איז נישט לייטיש און נישט באַקוועם אויף אַזאַ מין אופן צו רעדן וועגן דעם אייגענעם דערפאָלג...".

— דאָס איז נאָך אַ באַווייז פון דער באַשיידנקייט פון דעם גרויסן שרייבער, ווייל עס איז דאָך גוט באַקאַנט, מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג מען פלעגט אים אויפנעמען אין יעטווידער אוידיטאָריע.

אין צינבערגס אַרכיוו, האָט געזאָגט ה. אַלעקסאַנדראָוו, זענען אויך פאַראַן מאַטעריאַלן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פרעסע, פונעם יידישן טעאַטער, וועגן די מיטאַלטערלעכע ראַציאָנאַליסטן און אַנדערע. אַ גענויער „קאַטאַלאָג" וועגן דעם צינבערגס אַרכיוו, וועט פאַרעפנטלעכט ווערן אינעם „ביולעטין", וועלכן עס גיט אַרויס דער אַרכיוו פונעם אינסטיטוט פון די אַזיע־פעלקער.



מוני

## דינה קאווקעס

שווארץ ביזטו געווען און שיין נישט צום פארגעסן
מאמע מיינע, דינה קאווקעס מיין געבענק.
הא קלוגע, שטאלצע חן־פרינצעסן
ביזט דער שבת אליין אין דער וואכן געווען

בארד און פיאות יידן אלטע
בעלי בתים קלוגע פעסטע
האבן עצות מיט דיר געהאלטן
און דיין חכמה געזען אלס בעסטע

אין אלע צייטן ביי אונדז אין לעבן
גוטע, שלעכטע, שווערע, לייכטע
האט דיין גייסט אונדז מוט געגעבן
און דיין חכמה צוגעלייכטען

כ׳געדענק ווען נאקעט אין ניינצן־צוואנציק
האט רוס געלאזט אונדז און אוועק
האסטו קליידער דאן און אנציג
אונדז גענייט פון אלטע רעק

האסט אבער שיך נישט געמאכט אונדז פון אלטע
ווייל לעדער ניצעוועט זיך נישט אזוי גוט
האסט אבער פיסלעך אונדז בארוועסע קאלטע
מיט ליבע מיט הייסער געהיילט און געגליט.

זענען מיר בארוועס געגאנגען אין חיידער
אויף גלאזיק געפרוירען באיורעס געשפרייזט
און נישט קיינמאל פארקילט זיך ווי יעדער כסדר,
ווייל האסט מיט דיין הייסקייט אונדזער קערפער געשפייזט.

כ'זע דיינע לעצטע מינוטן מיין מאמע,
כ'זע נאקעט דו שטייסטביים אפענעם גרוב,
פון ווייטנס שטייט שייקע, איר קוקט זיך צוזאמען
און זוכט ווי איז מוני ? אוועק דאן פון שטוב.

גוט וואס ער איז אוועק דארט צום גוטן
מיין מוניע געדענקט מיך — קלערסטו — מסתמא
איז מיר שוין אלצאיינס, כ'האב מיינס שוין באנדיטן
געטון אלס יידישע טאכטער אלס מאמע.

מיין ציגל האב איך שוין געלייגט צו דער מויער
מיר איז אלצאיינס איך קאן שוין גיין
א מענטש ווען ער שטארבט איז נישט אזא טרויער
וויכטיק דאס פאלק זאל בלייבן זאל שטיין.

דו ביזט גרויס געווען אלס מוטער
ביזט א ריז געווען אלס מענטש
איז גרויס ביזטו ביי מיר כ'ציטער
ווען צו דיין נאמען כ'דאוון כ'בענטש.

מוני

## עוזיאל חיים מרדכי׳ס

לאנוויץ האט דיך דערוואקסן געגרויסט.
דיינע גרינע טיפע אויגן האבן ווייטקייט
אירס געזען איר צוריק און פאראויס.
ביזט געווען איר זון פון טרייקייט.

ביזט געווען איר חכם, בורד,
גבאי, חסיד רב־פארזארגער.
האסט געטיילט מיט איר איר מורא
געוויסט איר גורל פון פארבארגן.

פון די ייד׳ס געשיכטע וואלקנס,
פון דעם טיפן ים פון ספקות
האסטו איר א פרייד געמאלקן
טרייסט, ביטוכן און הייסע דבקות.

דערפאר האט ייד געשיכטע מערדער
דיך גענומען ערשטער קרבן,
ווייל ביזט געווען דער הימל־ערדער
האסט דעם מענטש א גאט דערווארבן.

עוזיאל חיים מרדכי׳ס טאטע גוטער!
האסט אונז קינדער אלץ געגעבן
אבער האסט געהאנט אין בליטער
אז ס׳צעצווייגן זיך אונדזערע וועגן.

האסט געהארוועט ביז אָן כוח,
געשמירט אונדז ברויט מיט שטאלץ און תכן
האסט איינגעפלאנצט אונז הארץ און מוח,
צוגעגרייט צו ווייטע הויכן.

האסט געברענט, מיט ווי געזאטן,
האסט געיאגט א גאט געפונען,
ס׳זאלן פרעמדע פעלקער גאטן
נישט פארסאמען דיינע זינען.

ס׳קאן קיינער נישט וויסן ווי גרויס ביזט געווען
נאר דער וואס האט שמערצליך דיין ברענען געפילט.
איך האב דיך מיין טאטע פארשטאנען געזען,
ביי מיר ביזט אויף תמיד אין הארץ איינגעהילט.

עוזיאל און דינה מענטשן־אידען
אזוי איז מיין פאלק בכלל ובפרט
איר זענט זיין סימבאל זיין ממשות אינצווייען
דערפאר האבן גויים פיינט אונדז געהאט,

א דאנק אבער אייך און אייערס צוגלייך
וועט פאלק מיינס נאך וויסן פון גליק און פון שיין
און אלע וואנדאלן פון רוס און דייטש רייך
וועלן פאלן און פראלן און אויפהערן זיין.



**שרה פיקס**
(שרהקי קאַווקיס)

## שלום ווייסמאַן

חוץ פון מיין משפחה אין לאַנאָוויץ, ישראל בערענשטיין און דינה קאַווקיס (רבין), ווי מען האָט זי גערופן, האָט זיך פאַרקריצט אין מיין זכרון דאָס געשטאַלט פון שלום ווייסמאַן, די שיינע, איידעלע נשמה.

ש. ווייסמאַן ז״ל איז געווען אַ לערנער, אַ באַלעזענער, יעדע פרייע מינוט האָט ער פאַרבראַכט ביים ספר, אָדער ביי חשבונות פון זיין אַרעבטס־פּאָסטן. שלום ווייסמאַן ז״ל, האָט זיך נישט פאַרנומען מיט קהלישע געשעפטן, קיינעם קיין מאָל נישט באַרעדט, אָדער קריטיקירט, שטענדיק געזוכט אַלס אויסצוטייטשן נאָר לזכות.

זיינע אַ שכנה, גענעסיע, פלעגט זיך ברייט צעזעצן ביים טיש און דערציילן אַלע נייעסן פון שטעטל, גוטס און שלעכטס, מיט פיל רכילות. ווען כ׳האָב געפרעגט דעם ג״ז ווייסמאַן — וואָס זאָגט ער אויף גענעסיס מעשיות? האָט ער שטיל און געלאַסן, ווי זיין שטייגער, געענטפערט: „כ׳לעבן, כ׳האָב נישט געהערט, וואָס זי האָט דערציילט״. און כ׳בין זיכער, אַז ער האָט געזאָגט דעם אמת.

ווען ער פלעגט אַרבעטן ביי ישראל בערענשטיין, וועלכער האָט אין יענער צייט געהאַט אַ שותף אַ פּאָליאַק, נאַרטאָווסקי, האָט מיר ישראל דערציילט, אַז ער פלעגט אַלע מאָל געבן גרויסע סומעס געלט ווייסמאַנען אויף אויסצאָלן די סוחרים פון תבואה.

— און אַלע מאָל האָב איך געהאַט טעותים אויף פאַרשרייבן ווייניקער. איין מאָל בין איך געוואָרן זייער אויפגערעגט, הלמאי כ׳דאַרף אַלע מאָל ריכטן דעם טעות און אונטערשטרייכן מיט רויטן טינט דעם פעלער. האָב איך געזאָגט, און געבעטן ר׳ שלום ווייסמאַן: טו מיר אַ טובה און נעם דיר אַרויס פון דער קאַסע וויפל דו ברויכסט. פון דאַן האָב איך שוין נישט קיין שום אַרבעט מיט מיינע ביכער.

ש. ווייסמאַן האָט פיל יאָרן געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער ביי דער פירשטין קאָסאַקאָווסקי. זי איז געווען אַ גלויביקע קאַטאָליטשקע, פלעגט דאַוונען צוויי מאָל אין טאָג, געלט פלעגט זי נעמען נאָר דורך אַ טיכעלע, בכדי נישט אָנרירן קיין מענערישע האַנט. איין מאָל פרעגט זי :

— צי וואָלסטו, שולימקאַ, (אַזוי פלעגט זי אים רופן), געוואָלט אָנפירן מיט אַלע מיינע גיטער ?

כ׳האָב איר געדאַנקט פאַר איר צוטרוי — האָט דערציילט ר׳ שלום — און געענטפערט, אַז מען דאַרף נישט צונעמען פרעמדע פרנסות. ס׳אַרבעט ביי איר אַ גוי, אַ פּאָליאַק, זאָל ער ווייטער אַרבעטן.

קיין שונאים ביי יידן האָט קיין מאָל נישט געפעלט : איין מאָל קומט צו דער פירשטין איר דירעקטאָר און פרעגט די פירשטין :

— ווי קומט דאָס, וואָס די גרויסע פוילישע פירשטין האַלט אַ יידן ביי זיך ? יידן זענען גרויסע אויסנוצער, שווינדלער, נאָך פון יעזוסיס צייטן...

נאָך 6 וואָכן צייט קריגט ר׳ שלום אַ בריוו פון דער פירשטין, ווי זי בעט אים אָננעמען דעם פּאָסטן פון מנהל פון אַלע אירע גיטער.

אין 2 טעג אַרום קומט צו אים דער פוילישער אָנפירער און פרעגט אים, פאַר וואָס ער נעמט צו זיין פרנסה ?

*

כ׳האָב געלעזן דעם בריוו, וועלכער איז פאַר מיר אַליין געווען אַן איבעראַשונג, און פאַרשפּראָכן וועגן דעם ענין צו פאָרן און אַלץ אַרומרעדן, כדי ער זאָל בלייבן ווייטער דירעקטאָר. מיין רעדע מיט דער פירשטין, האָט געדויערט 30 מינוט. דאַן האָט זיך געעפנט פּלוצים אַ טיר פון צווייטן צימער, און זי רופט אַריין דעם דירעק־טאָר און דערציילט אים מיין ענטפער. ער שוויגט, שטייט אויסגעצויגן פאַר איר, מיט אַ טויט, בלאַס פנים (איך בין געזעצן). דאָס שווייגן האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, דאַן זאָגט די פירשטין צום דירעקטאָר :

— דו ביסט אַ פּאָליאַק, גלויבסט נישט אין יעזוסעס לערע, „פאַרגיב מענטשן זייערע זינד״, „העלף אַ נויטבאַדערפטיקן״, „ליב דיין חבר, ווי זיך אַליין״. דערמאָן זיך, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט אויף יידן ? און דער ייד מיט זיין איידעלענע נשמה, גוט האַרץ, בעט מיך, כ׳זאָל נישט צונעמען ביי דיר דעם פּאָסטן, ער טענהט, אַז דו האָסט 4 קינדער, וועלכע זענען אין מיטן פון זייערע שטודיעס א. א. וו. ס׳טוט מיר זייער לייד, אָבער איך האָב נישט קיין צוטרוי צו דיר מער !

און ש. ווייסמאַן ז״ל בלייבט דער הויפּט־דירעקטאָר פון אַלע אירע גיטער.

— אָבער מיך האָט דאָס געקאָסט פיל, פיל געזונט — גיט ער צו ביי אונ־דזער געשפּרעך.

כ׳האָב געלייענט אייניקע בריוו פון דער פירשטין צו ש. ווייסמאַן, וועלכע האָט טיטולירט אירע בריוו מיט די שענסטע עפּיטעטן, מיט גרויס כבוד : „כ׳האָב דעם כבוד זיך ווענדן צו הער ווייסמאַן, דעם אָרנטלעכן, געבילדעטן מענטשן, וועלכער איז פול ווי אַ מילגראַם, מיט וויסנשאַפט פון אונדזערע אַלטע אוצרות״, א. א. וו.

מ׳דאַרף אויך דערמאָנען די ג״ז פרוי פון ש. ווייסמאַן — חנה. דאָס איז געווען דער סימבאָל פון גוטסקייט און בניעמותדיקייט. כ׳דערמאָן זיך אַן עפּיזאָד, וואָס כ׳בין אַליין געווען ביי דעם: אין אַ ווינטער טאָג זיצט די ג״ז חנה אויף דער באַנק ביי דער רובע (אויוון). ש. ווייסמאַן קומט אַריין אין שטוב. ער טוט זיך אויס דאָס טוליפּל, און פון ווייטנס וואַרעמט ער אָן די הענט (בכלל איז ער נישט געזעסן ביים אויוון). זעט ער, ווי חנה וויינט, און זי דערציילט אים, אַז עפּעס איינער, ווער,



חנה ווייסמאַן

געדענק איך נישט, האָט איר געזאָגט, אַז שוין 3 טעג האָט מען ביי אים נישט געהייצט די שטוב, נישט ער האָט האָלץ, נישט ער האָט געלט אויף האָלץ, און די קינדערלעך פרירן און לײַדן נעבעך. נו, זאָגט שלום, האָסטו געקענט אים געבן אויף אַ פורל האָלץ.

„כ׳ווייס, אָבער אַן דיר, האָב איך נישט געוואָלט דאָס טוען״ — ענטפערט חנה.

„יאָ, זאָגט ש. ווייסמאַן, כ׳וואָלט דיך טאַקע תיכף געגט״.

חנה האָט זיך אויף גיך פאַרוויקלט אין דער גרויסער שאַל, גענומען געלט און דאָס אַריינגעטראָגן דעם נויטבאַדערפטיקן מענטשן.

אַך, וויפל טעג און נעכט האָב איך פאַרבראַכט אין דער שטוב מיט זיין טאָכ־טער שרהקע ווייסמאַן. זי האָט זייער האַרציק און שיין געזונגען, אַ שטאַרק זיסן אַלט האָט זי פאַרמאָגט און אַ שיין פּנים פּין אַ מאַדאָנע, און גוט ווי איר מוטער חנה. בכלל איז דאָס געווען אַ משפחה פון שטילע טויבן, רייכע גייסטער און באַ־שיידענע מענטשן. ס׳איז שווער זיך פאַרצושטעלן, אַז אין אַזעלכע שווערע לעבנס־באַדינגונגען פון יידן אין קליינע שטעטלעך, זאָלן אויסוואַקסן אַזעלכע רואיקע גוטמוטיקע טיפּן.



**שלום קווייטל (אביטל)**

## מיינע דריי שוועסטער

מיין מאמע שרה שעיה נתן'ס, אזוי האט מען זי גערופן אין שטעטל, האט געבוירן 4 קינדער, מיך דעם בן יחיד און מיינע דריי שוועסטער, ברנדל,ביילע און דארע. ווען איך בין עולה געווען קיין ארץ ישראל, און די עלטערע שוועסטער ברנדל האט חתונה געהאט, און געבויט אן אייגען פאמיליע לעבן, זענען אין שטוב געבליבן די צוויי שיינע יונגע בליענדע מיידלעך ביילע און דארע. זיי האבן געשטרעבט צו קומען צו מיר קיין ארץ ישראל און פערווירקלעכן דעם טרוים צו זיין חלוצות און ווידמענען זייער לעבן פאר בוי פון אונדזער לאנד. זייענדיק ערצויגן אין ציוניסטישן גייסט איז דאס געווען פאר זיי דער ציל. די בריוו וואס די צוויי מיידלאך האבן מיר געשריבן זענען געווען אנגעזאפט מיט ליבע און הארציג געפיל פארן אידעאל און זיין פארווירקלעכונג. אזוי האבן זיי געציילט די יארן און געווארט, זיי האבן געוואלט וויסן ווי עס לעבט זיך אין ארץ-ישראל. דאס לעבן אין קבוץ איז געווען פאר זיי דאס שענסטע און בעסטע, וואס א מענטש קען זיך וואונשן און בערגרייכן. אבער ווי זאגט מען דער מענטש טראכט און גאט לאכט. דער גרויסער מבול וואס איז אראפ אויף די יידן ביי דער צווייטער וועלט מלחמה האט פארפלייצט און פארניכטעט לעבנס, האפענונגען, שטרעבונגען און חלומות. די נאצישע באנדעס האבן אַלץ אויסגעוואָרצלט. מיינע דריי שוועסטער זענען אומגעקומען, פאַרשוווּנדן און אבגעמעקט געווארן צוזאמען מיט אלע קדושים פון דעם שטעטל.

צוריק מיט א קורצער צייט איז געקומען קיין ישראל איינער פון די געבליבענע נאכן חורבן און ער דערציילט: „ווען די יידן פון שטעטל זענען געשטאנען פארן אפענעם קבר, אין די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן האט מיין שוועסטער ביילע, דאס קליינע מיידעלע וואס איך האב געלאזן אין דער היים געהאלטן א רעדע פאר די פערפייניקטע, אומגליקלעכע לעבידיקע מתים.

„יידן, מיט שטאלץ און גבורה גייען מיר אונדזער לעצטן וועג. מיר זענען קרבנות פון דעם גרויסן אומגליק וואס האט געטראפן אונדזער פאלק. ווילדע בעסטיעס בושעווען און די גרויסע וועלט שטייט פון דער ווייטנס און שווייגט. נקמה! נקמה! דאס יידישע פאלק אין דער גארער וועלט וועט נישט שווייגן.

מיר זענען מארטירער און קרבנות וואס גייען אויף קדוש השם. אונדזער טרייסט און לעצטער וואונש פארן טויט, דאס יידישע לאנד ארץ ישראל וועט אויפשטיין און געבויט ווערן פאר די קומענדיקע דורות, עם ישראל חי!״

דערשלאגענע, פארפייניקטע, צעבראכן גייסטיק און פיזיש זענען דערשאסן געווארן אלע יידן פון שטעטל. דאס בלוט זייער׳ס האט געברויזט און געזאטן נאך פיל טעג ביז די הייליקע נשמות זענען בערואיגט געווארן אין זייער אייביקער רו.

אבער די ווערטער פון ביילע׳לי מיין שוועסטעריל בלייבן אייביק און אייביק זאל בלייבן דער זכרון פון מיינע דריי שוועסטער. זי האט גערעט אויך פאר זיי און פאר אלע.

יצחק וויינשטיין

# וועגן זוני (עזריאל) רבין

כ׳האב זיך דערוואוסט, אז מ׳שרייבט א בוך וועגן די קדושים פון לאנאוויץ, האב איך געקלערט: ס׳וואלט געווען דער אימאז׳ פון שטעטל נישט גאנץ אן דער גייסטרייכער געשטאַלט פון זוניען.

איך בין אויסגעוואקס, ביי איה אין שטוב און האב אים געקענט מער ווי זיינע נאענטסטע. פאר מיר האט ער זיך ענטפלעקט אלס גרויסארטיקע געשטאלט פון א יונג, וואס עס דערווארט אים א גרויסע צוקונפט פון א ווארט פירער און וועג ווייזער, ארגאניזאטאר און אידעען טרעגער.

פון זיינע יונגסטע יארן איז זוני ערצויגן געווארן צו זעלבסשטענדיקייט, צום ברייטן פארנעם פון געזעלשאפטס-באגריפן, מיט ווייטע טיפע האריזאנטן. צוזאמען מיט שלום מהרשק האט ער אנגעפירט מיט דעם „הנוער הציוני". אליין איז ער געווען זעהר לינק געשטימט, אבער ער האט געוואוסט, אז זיין לינקייט איז נישט פאר „דער צייט" און נישט פאר „דעם דור". מ׳מוז פריער ארויספירן די לאנאווצער געטרייע קינדערלעך פון זייער ענגן ווינקל, זיי אנשפאנען אין וועג פון באפרייאונג. און ווען זיי וועלן נאציאנאל באפרייט זיין וועלן זיי דעם וועג פאר׳ן באפרייטן פאלק און זיינע יחידים געפינען.

שעה׳ן פלעגט זוני לייענען און שטודירן. און ווען ער האט אין די אוונטס געהאלטן זיינע „פאגאדאנקעס" — „שיחות", לעקטורן, איז דאס געווען נישט סתם רעדעס. יעדע רעדע זיינע איז געווען אן ענטפער אויף אינערליכע נישט-דערפרעגטע פראגן און א לייזונג צו לעבנס-פראבלעמען פון בלאנדזשענדע-ברוזענדע יוגענטלעכע.

יעדען אוונט האט זוני צונויפגענומען די חברים זיינע, טייערע לאנאווצער קינדער און זיי צוגעשמידט צום דענקען, זיי געבראכט צום טרוימען, זיי געוועקט צום וואגן.

זיינע היסטארישע איבערזיכטן ווי די אקטועלע זיינע, זענען פאפולער-וויסענשאפטלעכע אנמערקונגען פון פאלקס-וועג, ווי טיף און זיגזאגיש ער זאל נישט זיין.

קיין טאג אין זיין לעבן האט זוני נישט געהאט קיין לייכטן. זיינע בכבוד׳יקע רייכע עלטערן, עוזיאל און דינה רבין, זענען פאַראָרעמט געווארן. ער האט געמוזט שווער ארבעטן, כדי זיי ארויסצוהעלפן אין זייער שווערער לאגע. אינערליך האט ער געברויזט, געווען עמפינדליך צו די וועלטס קאטאסטראפן וואס ערווארטן די פעלקער, זיין פאלק און די יחידים פון אונזער טראגישן דור. זיין נשמה איז געווען פול מיט וועלט-שמערץ, און דאך האט ער תמיד געשיינט. זיין שיין פנים האט געלויכטן, זיין הויכע געשטאלט האט זיך ארויסגעהויבן הויך, הויך,

הויך, מיט דעם שיינעם געקרייזלטן קאפ פארריסן ארויף, ארויף, ארויף. און קיינער האט נישט געוואוסט פון וואנען נעמט זיך צו אים אזא געוואלטיקער כוח אלץ צו איבערשטארקן.

פאראמאל איז ער אוועק קיין לעמבערג, אפגעזאמט זיך א שטיקל צייט און געקומען א געענדיקטער לערער. שווער געהארעוועט, זיך אויסגעהאלטן און געלערנט.

א אונגעהויערער טאלאנט און אויסערגעוויינלעכער ארבעטס מענטש, אבער תמיד פשוט ביי זיך און גלייכער חבר מיט אלע.

מיט די רוסן האט ער פארלאזט לאנאוויץ און אוועק אין א ווייטן וועג. דאס הארץ איז אים געווען שווער, אבער ער האט אלץ איבערגעטראגן. אוןביים ענדע פון דער וועלטס קאטאסטראפע, איז ער צוריקגעקומען קיין פוילן מיט'ן פוילישן מיליטער.

אין פוילן, ווען די קריג איז נאך אנגעגאנגען, האב איך זיך דערוואוסט, אז זוני איז אין קאמיניץ מאזאוויעצק. איך בין באלד אוועק זיך זען מיט אים. ער איז געווען מונטער און מיט זיין אייגנארטיקן הומאר געזאגט: „איציקל, מיר לעבן! מיר וועלן נעמען די גרויסע נקמה! ס'איז געציילטע טעג. און איך וועל נאך זען מיינע. דו פארשטייסט וואס איך מיין?" — געמיינט האט ער ישראל. ליידער.

ביים סאמע נצחון איז ער געפאלן אין קאמף מיט די רוצחים. ער האט געלעבט א טיף לעבן און געווען א מוסטער פאר אונז לאנאווצער יוגנט.

זוניען קען מען נישט פארגעסן.



מוני

# אלעזר (לוזער) מייל

א מאדנע שטעטל געווען לאנאוויץ, אירע קצבים זענען געווען לערנער און שטילע יידן, אירע שוסטער ווארטס־מענטשן און שניידער רואיקע בעלי־בתים וואס מיט שער און אייזן זיך נישט געשעמט, אבער געוואלט פטור ווערן דערפון. און זיך געצויגן צו מסחר, צו גבאות אין שול, צו קהלן זיך, קאנען מאכן שיינע שדוכים מיט קינדער און ווערן גלייך מיט לייטן.

איינער וואס האט אין זיין שניידעריי געפונען דעם גענוס פון עסטעטיק דעם טעם פון באפרידיקן יענעם, און, דעם ווערט פון יגיע כפים איז געווען לוזער סענעקס.

מיר יוגנטליכע האבן זיך געקלעפט צו אים, געוואלט ער זאל אונדז באשיינען מיט זיין נייען און געגארט ממש צו הערן פון אים א ווארט אויף אונדזער פיגור, ערשיינונג און עסטעטישן אויסזען.

לוזער איז געווען א בנעימותער שטילינקער מאן, א גוטמוטיקער טאטע, א הארעפאשנע פרנסה געבער און א שיינער אנגענעמער געזעלשאפטס מענטש.

ווען כ׳בין יונג געווען האב איך נישט פארשטאנען פארוואס ער באציט זיך אזוי בכבוד צו מיר, און אפשר אויך צו אנדערע מיינע יונגלעך חברים, פארוואס ער זוכט אזוי צו פארציען מיט מיר א שמועס, אגב זיין שמועס איז קינמאל נישט געווען סתם, תמיד האט ער גערעט וועגן ליניע, שיינקייט, פיגורע שניט און זייער קולטורעלע צוגאבע צו געזעלשאפטליכן־פארהאלט. אין לויף פון יארן האב איך אבער דערזען לוזערן פלוצים נישט אי זיין מיליע און כ׳האב אים פארשטאנען. כ׳האב אים געפריווט אריינפאסן אין אן אנדער מענטשן־און־טאטן ראמע און ס׳איז מיר קלאר געווארן זיין פערזענליכקייט. ער איז פשוט

געווען א מענטש פון נישט־זיין־צייט פון נישט־זיין־ארט, און אזעלכע זענען ביי אונדז פילע געווען, און ער האט אויסגארבט זיך א פארשלאסן ענגן לעבנס פארעם, ווו ס'הערשט ארבעטס־באפרידיגונג, שאפונגס פרייד, הארוואניע־פרנסה אלס יסוד פאר העכסטער מענטשן־קולטור.

ער איז פשוט געווען א ייד, וואס האט א סך חסרונות געזען אין גלות יידישקייט ווו ס'הערשן פאלשע באגריפן וועגן מאראל און חשיבות פון מענטשן. און האט דאס נישט געוואלט מיטמאכן.

ער איז פשוט געווען א פראלעטאריער און ער האט נישט געוויסט, א מענטש, וואס אויב זיין ארבעט איז זיין גורל איז זיין גורל אויך כאראקטער.

ער איז פשוט געווען א גוטער יידישער זון אבער א שלעכטער מיטמאכער פון פארשידענע פארקריפונגען אין דער אויפפאסונג פון יידישן וועזן.

ער איז פשוט געווען אן „אויסדרוק". א מענטש וואס קאן נישט אויסדרוקן זיינע קריטישע באמערקונגען צו זיין ארום, וואס וויל אויך נישט אויסדריקן מיט ווארט זיין לעבנס־קרעדא, דרוקט ער דאס אויס מיט זיין האלטונג אין שטוב און גאס, אין משפחה און געזעלשאפט. ער איז געווען דער אויסדרוק אליין פון דעם גוטן ווי ער שטעלט זיך דאס פאר.

ווארעמע שטראמען אין הארצן פארן ארויסגיין אויף א ראנדקע מיט א מיידעלע אין זיין גוט גענייטן אנצוג, גוטע געפילן מיט זיין שיין גענייטער קורטקע און ווינטערדיקע פראסט־און־שטערן נעכט לאזן מיך נישט פארגעסן לוזער מייל דער אייגנארטיק־חנוודיקער מענטש און שניידער וואס האט ווי אלע, ליידער פארענדיקט זיין לעבן אין אונדזער ליב ווארעם הארציקן שטעטלי לאנאוויץ.

כ'מוז אים געדענקן.



צ. כץ (רבין)

# מיין זיידע עקיבא

צווישען די לאנאביצער יידן איז אביסל בולט געווען מיין זיידע עקיבא ווײַרך נישט ווייל ער איז געווען דער גרעסטער תלמוד חכם, נישט ווייל ער איז געווען דער רייכסטער ייד, נאר ווייל ער האט געהאט א הדרת־פנים, געווען א שיי־נער ייד און א גוטער ייד. זיינע גוטע מעשים האבן לאנאוויצער יידן געדענקט און געשעצט. ווער ס'געדענקט עקיבא דעם זבאראזשער (אזוי האט מען אים גערופן) דעם סטראינגע הויך געוואקסענעם, מיט זיין שניי־ווייסער בארד און שיין ליבלעך פנים, דאס גוטסקייט האט אראפגערעט פון אים, ער איז תמיד ריין געווען. שבתדיק אנגעטון, איך געדענק די שווארצע אויסגעפרעסטע הויזן מיט דעם שיינעם שווארצן סערדיט מיט די שווארצע שטענדיק אפגעפוצטע שיך און דעם העמד האט געפעכלט פון ריינקייט.

גוט איז ער געווען צו אלעמען, צו דער באבען, צו די קינדער, צו די איינעקלך און צו מענטשן. איך געדיינק אלס קינד ווען מיר פלעגן זיך שפילען שבת נאך מיטאג ביי אונז אין הויז, ווען אלע פלעגן זיך לייגען שלאפען, פלעג מיין זיידע יעדעס מאל אראפגען פון בעט שטיל חלילה נישט אויפוועקען קיינעם, און צוגיין צו אונז קינדער אפשר ווילן מיר עפעס, ווייל מיר זענען אזוי פארטון און דער שפיל אז מיר געדיינקן נישט צו כאפן עפעס אין מויל... נישט וואר־טענדיק אויף אונזער ענטפער האט דער זיידע ארויסגעבראכט די בעסטע זאכן וואס זענען געווען אין הויז מיר קינדער האבן דאס זער אפגעשאצט, און נישט נאר איך, אויך מיינע חברטעס האבן ליעב געהט מיין זיידן עקיבא.

לאנאוויצער יידן האבן געדענקט זיינע גוטע טאטען, ס'איז געווען א תקופה וואס דער זיידע מיט דער באבען האבן געווינט אין זבאראזש, כמיין אז צוליב דעם ווייל ער האט געשטאמט פון גאליציע איז אים נישט געווען לייכט צוגע־וויינען זיך נאך גאליציע צו לאנאוויץ, אזוי אז נאך אביסל צייט אין לאנאוויץ

האבן זיי זיך ווידער באזעצט אין זבאראזש, דארט האט זיך מיין זיידע געפילט ווי ביי זיך אין דער היים.

סאיז געווען קריגס צייט און צווישען לאנאוויץ מיט זבאראז' איז געווען א גרעניץ, דאך האט מען געהנדעלט, און די לאנאוויצער יידן פלעגן פירן געשעפטן מיט זבאראזש און ס'איז נישט געווען לייכט, דאן איז די גאנצע משפחה „עקיבא וויירוך" געשטאנען צו לאנאוויצער פארפיגונג, ווער ס'האט געמאכט גוטע געשעפטן אדער שלעכטע, ווער ס'האט עפעס געהאט צרות פון דער רעגירונג, אדער ביי דער גרעניץ, האט זיך גלייך געווענדעט צו עקיבאן, ער האט קיינמאל נישט אפגעזאגט, און געטון וואס נאר ער האט געקענט, ער איז אויך געווען א גרויסער מכניס־אורח, און אזוי אויך די באבע, נישט וויניקער פון אים, זי האט געשטאמט פון לאנאוויץ, אזוי אז זייער הויז איז פארוואנדעלט געווארן אין א לאנאוויצער פריוואט האטעל.

עקיבא וויירוך האט יידן און גויים דערליידיקט אלע פארמאליטעטן צום פארן קיין אמעריקע און זיי געהאלטן ביי זיך ביזן אפפארן. אלע־אויך גויים האבן אים געהאט אסך צו פארדאנקען. און ווען זיי זענען אפגעפארן קיין אמעריקע האט נישט איין לאנאוויצער ייד באדויערט, ס'האט געפיילט „עקיבא דעם זבאראז'ערס" שטוב. ווען נאך אפאר יאר זיי האבן זיך אומגעקערט קיין לאנאוויץ ווייל די באבע האט זיך בשום אופן נישט געקענט צוגעוויינען צו דער צו־גרויסער־מדינה, האבן זיי אלע אפגענומען מיט גרויס פרייד, די לאנאוויצער יידן האבן געדענקט וואס די משפחה האט געטון פאר זיי.

א שיינער און גוטער טיפ מענטש איז געווען מיין זיידע,
יהי זכרו ברוך.

**משה זאק**
**(מעקסיקא)**

# מיין משפחה

מיין פאטער מאנוס זאק איז געווען א ייד, וואס האט געקלערט נאר וועגן אהבת ישראל, ער איז געווען טיף רעליגיעז, אבער קיינמאל נישט געמאכט קיין באמערקונג א ייד, וואס איז נישט געווען אזוי יידישלעך אין זיין פירונג ער האט אים ליב געהאט וויאזוי ער איז געווען.

מיין מאמע זעלדע איז געווען גוטמיטיק. אויפגענומען יעדן מיט א שמייכל, מענטשן וואס האבן געוווינט ביי אונדז האבן זיך געפילט ביי איר אין שטוב ווי ביי זיך, אזוי אויך האט זי אויפגענומען דאס לעבן מיט גוטן און מיט א געפיל, אז אויב מקאן דאס נישט ענדערן איז עס מסתמא דעם אויבערשטנס ווילן און מ׳מוז עס אננעמען פאר גוט.

דיע גוטע אייגנשאפטן האבן זיי איבערגעגעבן אונדז בירושה און אין די ערגסטע צייטן אין מיין לעבן אין דער פרעמד, ווען כ׳פלעג מיך דערמאנען אין די גוטע זיטן פון מיינע עלטערן איז מיר בעסער געווארן אויפן הארצן און איך אליין בין געווארן א בעסערער, ווענינער אמביציעז, מער נאכגיביקער און גלויבן-פול.

אונדזער שטוב איז געווען איינגעטונקט אין גרינס און די בוימער ארום האבן בארוהיקט געפליסטערט תפלות אין הארץ אריין. זומער, שבת האבן מיר אין די הייסע טעג פארבראכט אונטער די בוימער און געטרונקן קאלטע וואסער פון דעם ברונעם, וואס נעבן דעם רבין ר׳ אהרולע, די וואסער פלעג מיך פארשכורן מיט איר פרישקייט. שוין יארן לאנג ווי כ׳טרינק פארשידענע געטראנקן אבער די טויזנט טעמים פון דער געשמאקער קוואליקער וואסער האב איך שוין קיינמאל נישט געפילט.

דער טאטע האט נאך זוכה געווען צו שטארבן מיט זיין טויט מיין מאמע אבער, מיט מיינע צוויי שוועסטער און זייערע מענער מיט קינדער זענען אומגע־קומען צוזאמען מיט אלע טייערע יידן אין לאנאוויץ, כ׳וויל לויט דער יידישער טראדיציע זיי מאכן א תיקון נשמה און כ׳גלויב, אז דער איינציקער וועג דערצו איז שרייבן אין בוך, כ׳מיין אויך, אז מיר מוזן תמיד געדענקן אונדזער טייערע גוט יידישע עלטערן, ווייל אלץ וואס מיר האבן גוטס, קומט אונדז פון זיי.

לאמיר אויך נישט פארגעסן, אז דאס וואס מיר האבן זוכה געווען צו בלייבן לעבן לעגט ארויף אויף אונדז א באזונדער פליכט פון געדענקן זיי און אונדז אלס זייער אפשטאמונג.

תנצב״ה



מנוס זאק'ס מיט די טעכטער איידעמס און אייניקלעך

**יחזקאל שמוקלער**
(בית־יצחק)

# ארענדארעס

די דארפס־יידן, ארענדארעס ווי מ׳פלעגט זיי רופן, האבן נישט זוכה געווען מ׳זאָל שרייבן וועגן זיי, אדער זיי דערמאנען אין די יזכור ביכער, צווישן אלע קדושים וואס מ׳דערמאנט זייערע נעמען. נישט צוזאמען און נישט באזונדער. פשוט מ׳דערמאנט זיי נישט, עלעי זיי זענען געווען אויסער דער קאטעגאריע.

און דווקא די יידן זענען געווען אויסערגעוויינלעכע טראגיש איבערגעגעבענע יידן.

אלע יידן אין די קליינע שטעטלעך זענען פארשקלאפט צו די גויים, דאך זענען זיי געווען א מין איינהייט, וואס זענען געווען געשיצט פאר א פלוצעמדיקער קאטאסטראפע, אדער פערזענליכע נקמות פון גויים טאג טעגלעך. אבער, די דארפס־יידן זענען געווען אפגעזונדערט, איינזאמע, עלענדע פארלאזענע, און די סכנה האט זיי יעדע מינוט געדראהט, נישט האבנדיג קיין שוץ און הילף פון קיינעם. אליין האבן זיי געמוזט זיך שיצן. דאָך האבן זיי גענומען אויף זיך דעם עול פון „א גלות הינערהאלב א גלות״ און זיך נישט גערירט פון זייער ידישקייט, אפילו אויף קיין האר.

מ׳האט אין די שטעטלעך זיך געקענט וויצלען אויפן חשבון פון ארענדאר, אז ער הינקט אונטער א ביסל אין לייענען „עברי״ ווי עס דארף צו זיין; אז ער פערבייט „בני אדם״ אין „כל נדרי״ — און נאך. אבער, וואס שייך ידישקייט און טראגן דעם עול פון יידישקייט זענען זיי דערגאנגען ביז פערמאנענטן קידוש־השם. ס׳איז נישט געווען לייכט און נישט באקוועם, נישט פיזיש און נישט גייסטיק, ס׳איז צו זיי, אין דעם אינזיכט, קיין גלייכען נישט געווען.

איך אליין בין געווען א זון פון אן ארענדאר, מיין טאטע, משה קיסקיוויצער און מיין מאמע יהודית. אכט קינדער ביי אונזערע עלטערן זענען מיר געווען. און די עלטערן האבן אונז ערצויגן אין א אינספעקט פון יידישקייט, צווישן א סביבה פון גויים פול מיט שנאה צו אונז און פרימיטיון אין זייערע באגריפן וועגן שנאה.

דאס דארף איז געווען גרויס, ברייט, אנגעשטאפט מיט גויים, פאנאטיקער, וואס די גאנצע קולטור האבן זיי געשעפט פון די וויזיטן אין די קלויסטערס יעדן זונטיק, און אלע בעגריפן וועגן מענטש און געזעלשאַפט זענען ביי זיי געווען פארבונדן מיט רעליגיע און פאנאטיזם.

מיט אונז אין דארף האבן געוואוינט נאך צוויי יידישע משפחות: משה טפר און מאיר פישמן. אלע דריי משפחות האבן געלעבט פון דינגען די מיהל ביים פריץ פאפלאווסקי. ער איז געווען א עסקן, ער איז דערנאך אויסדערוויילט

